# ל. קאבּרין׳ס
# שריפטען

(גהעטא דראמען).



פּרייז 25 סענט.

די היבּרו פּאבּלישינג קאמפּאני,
83־85־87 קאנאל סטריט, נויאָרק.

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal Street, New York.

1909

# אינהאלט־פערצייכניס:



# דער פערשטערטער שבת.

(א אידישע דראַמא.)

.1

דיא אַלטע אוודאַטיא, ר" זעמעלע דעם תבואה־הענדלערס אַלטע דיענסט, אָדער וויא מען רופט זיא אין שטעדטעל — „ר" זעמעלעס גויה" — רייסט זיך אריין מיט אַן אימפעט צו ר" זעמעלען אין שטוב...

עס איז פרייטאג פאר נאכט, אין חודש תמוז, א שעה פאר ליכט בענטשען.

ר" זעמעלעס ווייב, דיא אַלטע גיטעלע, אַ קליינצינקע, דאַרע אידענע, שטעהט בעת דעם און גיט אַכטונג אין קיך ביים אויווען אויף דיא טעפּלאך, אין וועלכע עס קאָכען זיך שבת'דיגע מאכלים....

איהר קאָפּ איז ארומגעוויקעלט מיט א טערקישען שאַל, וויא מיט א קנויל, איהר קליינצינקער, איינגעשרומפּטער פּנים, וואָס האָט אַזוי דעם קאָליר פון פּאַרמעט, איז אַצינד רויטליך, אָנגעברענט פון דער היטץ פון'ם אויווען; זי האלט ביידע הענד פארליינט הינטערן פארטוך און קוקט פערמאכט מיט איהרע אַלטע, רויטע, „אויסגעקאַשערטע" אויגען אויף'ן פייער פון'ם אויווען....

דיא טהיר פון צווייטען צימער צו דער רעכטער האַנד פון'ם זאַאל איז אָפען, און מע קען זעהען, אַז דאָרט איז שוין אויסגעפּוצט, צוגעקליבען לכבוד דעם אָנקומענדען שבת קודש: דער פּאָל איז דאָרטען בעשאָטען מיט א געלען זאַמדל, אויפ'ן טיש

וועלכער איז געדעקט מיט א ווייסער סערוועטע, שטעהט פון איין זייט ביים בעט א גאנצער ראנד בלישצענדע זילבערנע לייכטער מיט סטערינאווע ליכט, אויפ'ן צווייטען זייט, אויבען אן, ביים בעט ליגען אונטער א קלאר ווייסען האנטוך צוויי חלות פיר המוציא, וויא צוויי קליינע בערגעלאך איינע נעבען דער אנדערער; אין מיטען טיש שטעהט א פלאש וויין, דערביי א גאלדערנער קידוש־בעכער.

א רויטער שיין פון דער פערגעהענדער זון שלאגט אפ פון דיא פענסטער און דורך דיא פענסטער אויפ'ן צוגעקליעבענעם טיש, אויף דער פלאש וויין, אויף דיא זילבערנע לייכטער און אויפ'ן גאלדענעם בעכער, וואס בלישצעט און פינקעלט אין דיא רויטע שטראהלען פון דער פערגעהענדער זון...

אין שטוב איז היים; עס שמעקט מיט שוויים, מיט געקאכטע פלוימען אין זיס און זויער און מיט געקאכטע געפיללטע פיש....

אריינגעריסען זיך אין שטוב מיט אן אימפעט, בלייבט דיא אלטע אוודאטיא שטעהען ביים טיר פון קיך מיט א פלאמענדען פנים, מיט בלישצענדע אויגען. זיא איז שטארק אויפגערעגט, אטהעמט שנעל, דערביי בעוועגען זיך ביי איהר, וויא אויף ספרוזשינעס, דיא דארע, איינגעפאלענע ברוסט און דיא דארע פלייצעס. דיא געבלומטע טיכעל אויפן קאפ האט זיך ביי איהר ארונטערגערוקט אויף א זייט און א דיקער לאקען גרויע האאר האט זיך פון אונטערן טיכעל ארויסגעגליטשט און איז געבליעבען הענגען איבער אוודאטיא''ס רעכטע באק, וויא א שליינגעל.....

און שטעהענדיג אזוי ביים טיר, קוקט דיא אלטע אוודאטיא אויף גיטעלען, קוקט אזוי מאדנע, קוקט און אטהעמט שנעל און רעדט קייןווארט ניט... און אז גיטעלע דערזעהט זיא אזוי שטעהען, דיא אלטע אודאטיא, פאלט איהר איין, אז זיא איז שיכור, שיכור פאר ליכט בענטשען! און זיא טהוט א פאטש אין דיא הענד און שרייט אויס מיט אן אונרוהיגען קול:



— וואס איז עס, אוודאטיא, וויא דוא זעהסט אויס! ביזט שיכור?....

שאקעלט אוודאטיא מיטן קאפ, ציהט אפ טיעף דעם אטהעם, זיפצעט און רעדט ארויס מיט א טיעף בעוועגטער שטימע אין איהר געבראכענעם אידיש:

— ניין, כאזיאטישקא, ניט שיכור, איך זאל לאפניען!.... א קאפעצקע ניט געטרונקען, איך זאל זדאכניען!.......

און דא טהוט זיא זיך פלוצים א ווארף צו גיטלען, פאלט צו צו איהרע הענד און וויל זיי קושען. גיטעלע, פערוואונדערט, טרעט אפ עטליכע טריט א הינטער, בעהאלט דיא הענד אונטערן פארטוך און זאגט מיט א שטרענגען טאן:

— דוא ביזט שיכור, אוודאטיא!....

שאקעלט ווידער אוודאטיא מיט'ן קאפ און שווערט זיך ווידער, אז זיא איז ניט שיכור, און דא צו־וויינט זיא זיך מיט איין מאל, דיא אלטע אוודאטיא, צו־וויינט זיך אזוי רחמנותדיג, ווישט מיט'ן לייווענדענעם ארבעל פון העמד איהרע אלטע אויגען און הויבט אן צו ריידען מיט א בעטענדיגען קול:

— כאזיאעטשקא גאלובושקא, דו א גוטע דושא.... דו רחמנות האב... גאט איינער אין הימעל... מיינער אי דיינער, גאט איינער אין הימעל!...

דערביי ווייזט זיא מיט א פינגער אין דער הויך און וויינט אויפן קול.

פערשטעהט זיא ניט, גיטעלע, קוקט זיא אן אלץ מעהר פערוואונדעט און פרעגט איהר, וואס וויל זיא...

ענטפערט דיא אלטע אוודאטיא מיט געוויין:

— כאזיאעטשקא, דוא א מאל האלד געהאט דיין דאטשורקא חאוקעלען, מיין שעהנע האדולקע... דוא האב איהר איצטער האלד... דוא רחמנות האב איבער דיין חאוקעלען, זיא א גוטע דושא, א שעהן גאלובושקא!....

הויבט דא אן גיטעלע צו ציטערען, אז זיא הערט פון

אוודאָטיאַן דיא ווערטער, און הויבּט אָן אויף איהר צו שרייען מיט כעס:

— אוודאָטיאַ! ווידער וועגען איהר?....

וואָס איז היינט וויעדער פאַר אַ נייעס? דוּא ווייסט דאָך, אַז איך וויל ניט ליידען, אַז דוּא דערמאָנסט מיר איהר נאָמען. ביי מיר און איהר טאַטען איז זיא געשטאָרבען נאָך פאַר אַ יאָהרען, בשעת זיא האָט פאַרביטען איהר גאָט און איהר טאַטע־מאַמע אויף דעם אַקציזניק׳ס שקץ...... (דער קול רייסט זיך ביי איהר איבּער, אָנשטאָט דעם פריהערדיגען כעס הערען זיך יעצט אין איהם טרעהרען; זיא הויבּט אָן צו כליפּען) — לאָז, אוודאָטיאַ — כליפּעט זיא פערשטיקט — דוּא פערשטעהסט ניט, וואָס הייסט, אַז מע ריהרט אָן ביי אַ מאַמען פרישע וואונדען, דוּא פערשטעהסט ניט!... איי, לאָז, נאָך פערשטערען דעם שבּת קודש!

— רעדט זיא שוין וויא צו זיך אַליין — נו, זאָל דוכטען געשטאָרבען... בּעגראָבּט מען, פערגעסט מען... שבעה איז מען דאָך נאָך איהר געזעסען און קריעה האָט מען דאָך אויך געריסען, נו, פערגעסט מען.... אוי — קרעכצט זיא פּלוצים ארויס — אַז זיא וואָלט אויף אָן אמת געשטאָרבּען, אַז זיא וואָלט גאָר בּעסער ניט געבּאָרען געוואָרען!....

און גיטעל קעהרט אָפּ דעם קאָפּ צום אויווען, ווישט מיט׳ן פאַרטוך דיא אויגען און קרעכצעט שטיל: — אזוי זיא האָלד געהאַט, אזוי פיעל איהר נאָכגעבּען... פאַר וואס האָט זיא קיין רחמנות ניט געהאַט אויף אונז? פאַר וואָס האָט זיא עס געטהאָן, פאַר וואָס?....

און אַז אוודאָטיא דערזעהט, אַז גיטעלע וויינט, טהוט זיא זיך אַ וואָרף צו איהר מיט אַ בּעטענדיגער מינע, פאַלט צו צו איהרע הענד און נעהמט זיי מיט געוואַלד קושען.

— כאַזאַיעטשקאַ — רעדט זיא מיט געפיהל — איך בּיי דיר אויף סלוזשבּאַ צוואַנציג יאָהר... אַ ראָדניאַ מאַטקאַ דוּא מיינע און כאַזיאַאין אַ ראָדנאַי בּאַטקאַ מיינער.... וואַ, איך אייך



האָלד, וואָ!... (זיא קלאַפּט מיטן פויסט אויף איהר טרוקענער בּרוסט, אום צו ווייזען, וויא זיא האָט האָלד) — כאַזאַיעטשקאַ, גאָט איינער: מיינער, דיינער אַי כאַזיאַאינס, אַי חאַווקעלעס, אַי חאַווקעלעס אנדרושעס, אַי דעם פּאָפּ וואַסיל׳ס, גאָט איינער, גאָט איינער! האַווקעלע מיר אויך געזאָגט: גאָט איינער: אַי בּאַטקאס, אַי אַנדרושאַס גאָט איינער!.... חאַווקעלע אַ גוטע דושאַ... איך זיא האָלד, וואָ!.... זיא מיין האָדולקאַ. ראָדנאָיע דיטיאַטקאָ מיינע!.... אַי אַנדרושאַ אַ גוטע דושאַ.... כאַזיאַעטשקאַ!

אָבּער גיטעלע לאָזט זיא ווייטער ניט ריידען: עס טהוט איהר אַזוי וועה צו הערען דיא אַלטע אוודאָטיא, וועלכע רעדט נאָך אַזוי לייכט ארויס דעם נאָמען „אַנדרושאַ“, דעם נאָמען פון יענעם שקץ, וואָס האָט אונטערגעגעבען אַ כשוף איהר חוה׳לען, אַז זיא זאָל זיך צוליב איהם שמד׳ן.... זיא ברעכט אונטער אוודאָטיאַן מיט וועהטאָג:

— אוודאָטיא, דוּא בּיזט הפנים שיכור, געה אין דיין קאַמער און לעג זיך שלאָפען! איך וויל ניט הערען דיינע שיכור׳ע רייד, געה!..... דער בעל הבית קומט באַלד פון באָד, איך דאַרף פערחתמ׳ענען דעם אויווען. מיש מיר ניט!

און גיטעלע כאַפּט זיך מיט אַן אימפּעט צו דער אַרבּייט; נעהמט ארויס פון אויווען אַ טעפּעל יויך, שטעלט איהם אויף אַ טיש דערבּיי, בּיים פענסטער, און דעקט איהם איבּער מיט אַ קישען, אַז עס זאָל ניט אָפּגעקיהלט ווערען... דאַן פערשאַרט זיא מיט אַ קאָטשערגע דיא קוילען אין אויווען, שטעלט אהין אריין דעם טשאָלענט, דעם קופּערנעם הליאַק וואַסער, פערשטעלט דעם אויווען מיט אַ „זאַסלינקע“, דאַן טונקט זיא איין אַ שמאַטע אין וואַסער, וואַרפט ארויף אויפן „זאַסלינקע“, פעררוקט דעם קוימען פון אויווען, און דיא אויווען איז פער׳חתמ׳עט.

און דיא אַלטע אוודאָטיא שטעהט דערווייַלע מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, ווישט דיא אויגען מיטן לייווענדעם אַרבּעל פון איהר העמד און שעפּצעט: „בּאָזשע מאָי, בּאָזשע מאָי!“

און אַז גיטעלע זעהט, אַז אוודאָטיאַ וויינט אַלץ, פער־

קוועטשט איהר ווידער דאָס הארץ און איהר ווילט זיך ווידער וויינען. דען זיא וויים יעצט, אז אוודאָטיא וויינט איצט, ניט ווייל זיא איז שיכור, נור ווייל איהר טהוט וועה דאָס הארץ נאָך יענער, טהוט וועה, ווייל זיא בּיינקט נאָך יענער... א האָדאָוואָלקע איז קיין קאטאָוועס ניט; מע האָט עס האָלד, וויא אָן אייגען קינד!.... געוויס ליידעט אוודאָטיא ניט אזעלכע יסורים וויא זיא, גיטעלע! אוודאָטיא איז ניט, להבדיל, יענער'ס מאַמע, ר' זעמעלע־דעם למדן'ס ווייב; דיא שרעקליכע חרפּה האָט זיא פון יענער ניט געליטען, קיין קריעה האָט זיא ניט געריסען, קיין שבעה איז זיא ניט געזעסען.... אוודאָטיאס מאָן האָט זיך ניט געדאַרפט בעהאלטען פון מענשען פיר בושה, וויא איהר זעמעלע, להבדיל צעהן מאָל הבדלות!.... און א האָרב איז ביי אוודאָטיא'ס מאָן אויך ניט אויסגעוואקסען אויף דיא פּלייצעס פון גרויסע יסורים, וויא ביי איהר זעמעלען!....

„אך — טהוט זיך פלוצים גיטעלע א כאַפּ — וועגען וואָס טראַכט איך?... וואָס קריכט מיר יעצט אין מוח פאר ליכטבענשען! דער שטן שפּילט זיך שוין... וויל פערשטערען דעם שבת קודש.... האָט אונטערגעשיקט דיא גויה!....

און גיטעלע ווערט אונרוהיג, ווערט בייז אויף זיך: זיא טאָר דעם שטן יעצט ניט הערען; זיא טאָר ניט ווייך מאכען איהר הארץ... קיין מחשבה טאָר זיא ניט האָבען וועגען יענער; ניט וויינען, ניין!! יענע פערדיענט ניט, אז מען זאָל צוליעב איהר האָבען א פערשטערטען שבת!... זיא האָט שוין בדעה ווידער צו זאָגען אוודאָטיאן, זיא זאָל ארויסגעהן אין איהר קאמער, אז זיא זאָל ניט סמייען דאָ צו וויינען, ניט סמייען יענערס נאָמען צו דערמאָנען, — ערשט אוודאָטיא כאַפּט איהר אָן פלוצים אין דיזער צייט פאר'ן ארעם, אקוראַט, וויא זיא וואָלט געזעהען, וואָס עס טהוט זיך ביי איהר, גיטעלען, אין מוח און אין הארצען. כאַפּט איהר אָן פאר'ן ארעם, קוקט אויף איהר מיט בעטענדע אויגען, שלעפּט זיא צו צום פענסטער דערביי, וואָס קוקט ארויס צום אקציזניק, אנדרושאַ'ס פאַטערם הויף, וועלכער איז אבגע־



טהיילט פון ר' זעמעלעס הויף נור מיט א נידריגען פּארקען, און שעפּצעט: — כאַזיאעטשקאַ, דו נור קוק, דו נור זעה!.....

און אז אוודאָטיא שלעפּט זיא צו צום פענסטער, פּיהלט גיטעלע, אז עפּעס דארף זיא אצינד אהין ניט קוקען, אז דער שטן האָט זיך אצינד גענומען שפּיעלען. א אונרוהיגקייט ערוועקט זיך אין איהר א מורא, און דאָך.... ווילט זיך איהר, וויא אויף צו להכעיס זיך אליין, א קוק טהאָן דורך'ן פענסטער: וואָס וויל איהר וויזען אוודאָטיא, וועמען?.... יענע איז דאָך ניטאָ ביים אקציזניק אין שטוב... דאָס וויים זיא זיכער.... באלד נאָך דער מעשה איז יענע דאָך אוועקגעפאָהרען מיט איהר שקץ ערגעץ אין אָן אנדער שטאָדט!.... עס ציטערט ביי איהר דאָס הארץ, ביי גיטעלען, און מיט אונרוהיגע אויגען טהוט זיא א קוק דורך'ן פענסטער.....

און זיא זעהט ביים אקציזניק אויף'ן הויף נעבען פּארקען שטעהט א יונגע פרויענצימער אין ווייסע קליידער און קוקט אויף איהר פענסטער... דיא אלטע גיטעלע קוקט זיך איין מיט איהרע רויטע, אויסגעקאשערטע אויגען אין דער יונגער פרויענצימער און עס טהוט איהר א קלאַפּ אין הארצען, אז זיא טהוט זיך א שאָקעל אויף דיא פיס, פאַלט שיער ניט אנידער און כאַפּט זיך אָן מיט ציטערענדע הענד אָן וואנד... זיא איז בלייך, דיא אלטע גיטעלע, קיין בלוט־טראָפּען איז ניט פערבליבען אויף איהר קליינצינקען צוקאָרטשעטען פנים; און אין איהרע רויטע אויגען, וואָס זיינען אָנגעשטעלט אויף דער יונגער פרוי אין ווייסע קליידער דאָרט ביים פּארקען, פינטלען און ציטערען שארפע גלעזעלאך....

„דאָס איז זיא, חוה'לע!" שרייט אינעווייניג אין איהר א קול, וועלכער צורייסט איהר דעם מוח: „חוה'לע, דיא פערשאָלטענע טאָכטער, וועלכע איז געבאָרען אין א שלים־מזלדיגע, חושך'דיגע שעה!"

און זיא וויל אָפּקעהרען דעם קאָפּ; זיא דארף אויף יענער ניט קוקען, זיא טאָר ניט.... עס טהוט איהר וועה צו קוקען

אויף יענער, און דאָך קוקט זיא, קוקט מיט גלעזערנע אויגען און ציטערט מיט'ן גאנצען קערפּער, און קלאמערט זיך מיט דיא הענד אָן וואנד, אום ניט צו פאלען. זיא קען ניט אָפּרייסען דיא אויגען פון יענערס פּנים, זיא פיהלט, אז זיא האָט קיין כח ניט דערצו....

און דיא יונגע פרוי שטעהט אלץ ביים פארקען פון אקציזניקס הויף מיט דיא אויגען אויפ'ן פּענסטער, נעבען וועלכען עס שטעהט דיא אלטע גיטעלע; איהר יונגער רונדער פּנים איז וויים, וויא דיא קליידער, אין וועלכע זיא איז אָנגעטאָהן, און איהרע גרויסע שווארצע אויגען קוקען אזוי טרויעריג מיט אזא בענקעניש... און אַט טרעפען זיך צוזאמען זייערע ביידענס אויגען, אי גיטעלעס, אי „יענערס", זיי טהוען זיך ביידע א טרויסעל, וויא פון איין שטוים.... יענע לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ, און גיטעלע זעהט, ווי יענע נעהמט ארוים א ווייסע טיכעל פון קעשענע און ווישט מיט איהר דיא אויגען....

און זעהענדיג עס, ווערט גיטעלע צומישט, זיא ווערט מבולבל.... זיא ווייגט גאָר! וואָס ווייגט זיא? צו איז עס ניט חרטה?...

„רבונו של עולם, גאָטעניו הארציגער!" שרייט אויף אין איהר נשמה א פערבעהאלטענע שטימע, און זיא פיהלט, אז אונטערן קנופּ אויפ'ן קאָפּ הויבט איהר אָן צו ברענען.....

און דאָ פּלוצים פאלט איהר בליק אויף יענערס פיגור, אויף איין פּונקט.... דערבּאַרעמיגער גאָט, בּאַלד אַ ממזר!... אין דיא אויגען ווערט איהר פינסטער, אין קאָפּ דרעהט, דיא גאנצע הויז וויגט זיך אונטער איהרע פים... „אַ ממזר, אַ ממזר!" הילכט און קלינגט אין איהרע אויערן.... דיא פים האקען זיך ביי איהר אונטער, זיא קרעכצעט און פאלט.... אוודאָטיא כאפּט זיא אונטער...

און אוודאָטיא פיהרט זיא צו צו א שטוהל, און אז זיא זעצט זיך, בלייך, וויא דער טוידט, הויבט אָן אוודאָטיא צו ריידען מיט טרערען אין קול:

— כאַזיאַעטשקאַ, דו געזעהען, זיא אויך געוויינט... כאַ־



זיאַעטשקאַ, דו א גוטע דושא...... דו רחמנות האָב אויף חאוועקלען.... זיא געקומען היינט... דארף ראָדיען.... און אנדרושא געקומען...איך, אז געהערט פון נאסטיא זייער קוכארקע, אז גאַלובּוטשקא דאָ, איך בּאַלד אוועק זעהען מיין דיטיאטקא ניענאַגליאדנאיע... זיא מיך געקושט, וואַ געקושט, קאק מאמקו סוואָיו ראָדנויו, און זיא מיך פרעגט: „קאק מאמוליא, קאק טאָטוליא?" און זיא מיר זאָגט: זיא געקומען ראָדיען, זיא מורא זי שטאַרבען... אָך, ניאניא, גאָלובושקא — זיא מיר זאָגט — איך זעהען מאַמושקא איך וויל... אזוי איך וויל... וואָ!.. שטאַרבען איך וואָלט און זעהען!... און גאָלובושקא דאָ וויינט: ניאניא, אָך, ניאניא, פּאָטשעמו עטאָ, פּאָטשעמו?.... גאָט דאָך איינער: אי אנדרושאָס, אי טאָטוליעס, גאָט דאָך איינער! און איך זאָג: ניע פּלאָטש, דאטשורקא, ניע פּלאָטש — דו ניט וויין! דו זעהען מאמעלען, זיא דיך האָלד, א גוטע דושא... איך געהן צו מאמעלען וויינען.... אָך, כאַזיאעטשקא, אָך גאָלובושקא!...."

און אוודאָטיא פאלט צו צו גיטעלעס הענד, יאָמערט און קושט זיי.

גיטעלע ווערט זיך גענגען איהר, רייסט פון איהר דיא הענד און שעפּצעט מיט א ציטערענדער שטימע:

—לאָז, אוודאָטיא, לאָז! איך בּעט דיך, שוויינ מוטשע ניט..

אוודאָטיא טרעט אָפּ פון איהר, דריקט צו דעם פּנים צום ארבעל און כליפּעט.

א קורצער שווערער שוויינען... גיטעלע פערברעכט דיא הענד איבערן קאָפּ און קרעכצעט...

און פּלוצים קוקט אָן גיטעלע אוודאָטיאן.

— אוודאָטיא — פרעגט זיא שטיל, פערשטיקט און טרערען קייקלען זיך איבער איהרע צוקנייטשטע באקען: — אוודאָטיא, ווארום איז זיא אזוי בלייך? האָט זיא דיר ניט געזאָגט, אז זיא איז קראנק?

אוודאטיא טהוט זיך א כאפ צו ענטפערן איהר מיט אן אימפעט:

— כאזיאעטשקא — ענטפערט זיא מיט געפיהל — דיא גאלובושקא קראנק.... דיא דושא ביי גאלובושקא נאיעט.... מאמולקא זיא וויל זעהען... זיא האלד מאמולקא, ווא, ווא האלד!... כאזיאעטשקא, חאווקעלע מורא, זיא שטארבען, זיא ראדיען!.....

און הערענדיג עס, קארטשעט זיך צוזאמען גיטעלע אויפ'ן שטוהל, זיא שוידערט... — גענוג — שרייט זיא — גענוג, איך וויל מעהר ניט הערען.... איך וויל פון איהר ניט וויסען.... איך וויל ניט, איך וויל ניט!... רבונו של עולם, אוי, שטארק מיין הארץ — שעפצעט זיא מיט פרומען געבעט — דו ווייסט, אז איך בין נור א שוואכע פרוי, א אונגליקליכע מאמע.... לאז יעצט ניט צו דעם שטן'ס שליטה!....

און דא דערהערען זיך אין פיר־הויז טריט. גיטעלע דערקענט דיא טריט... „זעמעלע געהט!" — שרייט זיא אויס צושראקען, שפרינגט אויף פון שטוהל און ווענדעט זיך צו אוודאטיא'ן:

—שא, אוודאטיא, זאל זיין שטיל — רעדט זיא אויס צוויישען דיא ציינער און קוקט זיך אום אונרוהיג אויפ'ן טיר: — שא, דו ווייסט, אז איהר נאמען טאר פאר איהם ניט דערמאנט ווערן!.... שא, געה אריין איצטער אין דיין קאמער... ער טאר ניט וויסען, אז זיא איז דארט, דו הערסט?....

און גיטעלע ווייזט מיט'ן האנד אוודאטיאן אויף א קאמער לינקס. דיא אלטע אוודאטיא קארטשעט זיך צוזאמען און געהט אריין אין איהר קאמער. „באזשע מאי, באזשע מאי!" שעפצעט זיא אין גאנג....

און גיטעלע אליין שטארקט זיך אנצונעהמען א רוהיגע מינע, זוכט עפעס צו טהאן אין קיך, בכדי איהר אלטער זאל גאר נישט בעמערקען.....



.2

דיא טיר עפענט זיך, און זעמעלע קומט אריין — א ברייטער, איינגעהויקערטער אלטינקער, קענטיג אמאל שטארקער מאן, מיט א לאנגער ווייסער בארד ביז'ן גארטעל, מיט לאנגע געקרויזעלטע פאות אין רינגעלאך, מיט קורצזיכטיגע אויגען, אין א שלאפראק מיט שנירלאך און אין א שטריימעל. אונטער'ן פאכווע טראגט ער א קלומיקעל. ער טרעט אריין פאוואליע, קוקט אנגעשטרענגט מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגען פאר זיך און אין גאנג טרויסעלט זיך ביי איהם דער שנעע־ווייסער קאפ.

ער גיט אפ גיטעלען דעם קלומיקעל. „שוין באלד צייט ליכט בענשען", זאגט ער, און נעהמט א קריגעל, אום אפצוגיסען „נעגעל־וואסער", וויא דער מנהג איז ביי איהם נאך'ן באד....

—צו רפואה דיר — זאגט גיטעלע איהם אויך יעצט, וויא אלע פרייטאג, אז ער קומט פון מרחץ, און בעת דעם קרעכצט איהר הארץ: „רבונו של עולם, כאטש איבער שבת זאל ער ניט וויסען.... פיר דיין נאמען וועגען!"

און אין דער זעלבער צייט, אז איהר הארץ בעט זיך אזוי ביי דעם רבונו של עולם, לאכט דער שטן מקטרג, לאכט און שפיעלט זיך מיט איהר צו־וועהטאגטער הארץ. ער שטעלט אוועק פאר איהרע אויגען „יענע", אזוי וויא זיא איז געשטאנען אט ערשט דארט ביים פארקען, א בלייכע, א טרויעריגע, מיט דער טיכעל צו דיא אויגען, קריכט אריין אין א ווייטען ווינקעלע פון איהר נשמה און שעפצעט פון דארטען מיט אזא ווייכען, ריהרענדען קול: „זיא איז קראנק, טויט קראנק.... זיא האט געוויינט, נעבאך!.....

גיטעלע שוידערט, אין מוח מישט איהר פון דעם... „רבונו של עולם, כוחות!" בעט זיא זיך אין דיא מחשבות.

— אונזער רב איז קראנק, איך האב ערשט געהערט אין באד, אז ער איז מסוכן קראנק — מאכט דא פלוצים זעמעלע, אז ער איז פערטיג געווארען מיט דעם אפגיסען „נעגעל־וואסער"

און האט זיך אבגעווישט — איך בין שוין לאנג ביי איהם ניט געוועז, שוין לאנג... זייט... (ער שווייגט א ווייל'ע, זיפצט זיך אפ און דאן זאגט ער): מען דארף מארגען געהן איהם מבקר חולה זיין, אז ניט קען ער מיינען, אז זייט.... זייט — שטאמעלט ער אין א שטילען טאן און שמייכעלט ביטער — זייט איך בין געווארען דער.... דער... דער מחותן פון אונזער שכן דעם אקציזניק, שטעהט מיר ניט אן צו ריידען מיט א פרומען אידען!.....
אוי, אוי, אוי! — קרעכצעט ער, אזוי וויא ער וואלט אנגעריהרט א פרישע וואונד, — מע דארף זיך אנטאהן און געהן אין בית המדרש מקבל שבת זיין!....

און ער געהט ארוים, איינגעהויקערט און טרויסלענדיג מיט'ן קאפ, אין זאאל, וואו עס שטעהט דער קליידער־אלמער מיט זיין שבת'דיגער קאפאטע....

גיטעלע בלייבט שטעהן אין קיך, פיהלט זיך, וויא ארומגערינגעלט פון א געדיכטען טומאן. זיא האט ניט געהערט גוט, וואס איהר זעמעלע האט געזאגט. זיין קול האט איהר געקלונגען, וויא פון אונטער א דיקער וואנד. נור דיא לעצטע ווערטער זיינע האט זיא געהערט: „דער מחותן פון אונזער שכן דעם אקציזניק“... וואס איז עס? קיינמאל האט עס נאך ניט געטראפען... זייט „יענע צייט“ האט ער קיינמאל ניט דערמאנט דעם אקציזניק'ס נאמען, האט ער אפשר זיך דערוואוסט, אז „יענע“ איז דא?

— גיטעלע, פאר וואס געהסטו ניט ליכט בענשען? — הערט זיא אין דיזער צייט זיין שטימע פון זאאל, וואס קלינגט אין איהרע אויערן, וויא פון ווייטען, פון גאס.

— הא? — טהוט זיא זיך א כאפ, וויא פון שלאף — ליכט בענשען?.... מאמעלאך — טהוט זיא א פאטש אין דיא הענד — וואס שטעהט זיא? זיא האט הפנים פערגעסען, אז מען דארף ליכט בענשען!... „דער שטן... דער שטן“... — שעפצעט זיא, און לויפט צו ראפטאם צום עמער וואסער, וואס שטעהט אויף א שטוהל אין א ווינקעלע, און נעהמט זיך שנעל וואשען דיא הענד, דעם פנים.....



„קיינע מחשבות זרות“, טראכט זיא, ווישענדיג אין אייגענעם דעם פנים מיט א האנד־טוך — כאטש יענע וועלט ניט פערשפיעלען!.....

* * *

אין א ווייל'ע ארום לויפט זיא אריין מיט אן אימפעט אין זאאל, אן איבערגעטאנענע אין א געבלומטער, ליוסטרינענער קליידעל מיט א גרינעם פארטוך און מיט א ציפיק אויפ'ן קאפ, אנשטאט דעם פריהערדינגען קנופ.

דער אלטער זעמעלע האלט שוין ביים אוועקגעהן אין שוהל. ער איז אנגעטהאן אין א שווארצער אטלעסענער זופעצע, מיט א ברייטען זיידענעם גארטעל און אין א סאמעטענער גלאנציגער היטעל אויף זיין ווייסען קאפ. דער ווייסער קראגען פון זיין העמד איז אריבערגעלייגט איבערן קאלנער פון זיין זופעצע.

און אנגעטהאן אזוי, קוקט ער אוים מיט זיין ווייסער ברייטער בארד, וואס גרייכט ביי איהם ביז'ן גארטעל, וויא א ביבלישער פאטריארך.

— וואס האסטו זיך היינט דארט פארמארודעט? — זאגט ער, קוקענדיג אויף איהר מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגען — באלד וועט מען שוין ניט טארען אנצינדען קיין פייער!

זיא וויל עפעס ענטפערן, זיא וויל זיך פערענטפערען אייגענטליך מעהר פאר גאט, וויא פאר איהם, זעמעלען.... דען זיא פיהלט, אז זיא זינדיגט, זינדיגט שווער פאר'ן רבונו של עולם, ניט נור מיט דעם ניט בענשען ליכט אין דער צייט, נור נאך מעהר מיט איהרע „מחשבות זרות“ און מיט איהר זינדיגען הארצען, וועלכע זיינען איצטער פערנומען געגען איהר אייגענעם ווילען מיט איינער, וועגען וועלכע זיא טאר ניט קלערען! וועלכע איז איהר א פרעמדע, איהר און דעם גאנצען כלל ישראל; וועלכע זיא דארף פיינד האבען, האסען שנאת מות.... אבער וואס קען זיא זאגען, וואס פאר א תירוץ?... ער, דער רבונו של עולם, זעהט דאך אלץ, וואס טהוט זיך ביי איהר אין הארצען.... אז זיא האט זיך אבגעגעבען דעם שטן'ס שווארצע שליטה.... און זיא קרעכ־

צעט פערצווייפעלט אויפ׳ן קול: — אז איך קען ניט, א וועהטאג איז מיר! אוי, אז איך קען ניט, פינסטער איז מיר!....

און אז זעמעלע הערט זיא אויסשרייען דיזע ווערטער, קוקט ער זיא אן פערוואונדערט און פרעגט:

— וואס קענסטו ניט, גיטעל?

זיא שווייגט, צינדט אן דיא סטערינאווע ליכט אין דיא זילבערנע לייכטער און פינטעלט מיט איהרע רויטע אויסגעקאשערטע אויגען.

ער געהט ארויס, שטעלט זיך אפ אויפ׳ן שוועל פון זאאל, און ווארט האלב אומגעקעהרט צו איהר מיט אן אנגעשטרענגטען אויסדרוק אין זיינע קורצזיכטיגע אויגען, אקוראט וויא ער וואלט נאך אלץ געווארט אויף איין ענטפער פון איהר אויף זיין פראגע: וואס קען זיא ניט?

גיטעלע וויים, אז ער שטעהט דארטען אהינטער אויפ׳ן שוועל, וויים אויך, ווארום ער שטעהט דארטען. יעדען פרייטאג בעת ליכט בענשען שטעלט ער זיך אפ דארטען, נעבען דער מזוזה, געהענדיג אין שוהל, אום צו הערען איהר ברכה... זיא טהוט א פיר מיט איהרע ארעמס ארום דיא ברענענדע ליכט, אקוראט, וויא זיא וואלט וועלען זיי אלע ארומנעהמען און צודריקען צום הארצען, פארשטעלט דיא אויגען מיט בײדע הענד און זאגט מיט א בעוועגטער שטימע, אין וועלכעם עס פיהלען זיך פערשטיקטע טרעהרען:

— ברוך אתה ה" אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצוונו להדליק נר של שבת...

— אמן! — ענטפערט זעמעלע און וואונדערט זיך בעת דעם אויף גיטעלעס שטימע.... וואס איז עס? עפעס דאכט זיך איהם, אז זיא וויל וויינען.. ער האט אבער קיין צייט ניט צו פרעגען ביי איהר... עס ווערט שוין שפעט און ער מוז אין שוהל לויפען! ער ריהרט זיך אן מיט׳ן האנד אן דער מזוזה, טהוט א קוש און געהט ארויס פון שטוב, איינגעהויקערט, טרייסלענדיג מיט׳ן קאפ.

און אז ער געהט ארויס, האט גיטעלע נאך אין גאנצען ניט



געענדיגט ליכט בענשען; זיא זאגט איצטער דעם „יהי רצון"....

— גוטע מלאכים צו דיא ליכט, בייזע מלאכים פון דיא ליכט.... ציטערט איהר קול איבערן זאאל, און וויא זיא רעדט ארויס „בייזע מלאכים" פאלט איהר איין דער שטן מקטרג, און ווען איהרע ליפען זאגען ווייטער על פי געוואוינהייט דיא ווערטער פון שרה בת טובים׳ס תחינה, ווערט געבארען אין דער זעלבער צייט אין איהר הארצען אן אייגענע תחינה: „רבונו של עולם, העלף מיר! פערטרייב דעם שטן, דעם בייזען מלאך, פון דיא ליכט, וואס ברענען לכבוד דיין הייליגען שבת...."

אבער, צו וויל דער רבונו של עולם וויל איהר ניט העלפען, צו וויל דער שטן איז אפשר שטארקער פאר׳ן רבונו של עולם — דער שטן טרעט פון איהר ניט אפ.... יעצט, אז איהר הארץ זאגט איהר אייגענע תחינה, פיהלט זיא איהם נאך שטארקער, פיהלט נאך שטארקער זיינע בייזע, צו להכעים׳דיגע לצנות: ער שטעלט אוועג חוה׳לעס געשטאלט פאר איהרע צוגעדעקטע אויגען, וויא זיא, חוה׳לע, בענשט ליכט, און גיטעלע הערט, דאכט זיך, אצינד קלאר איהר ברכה.... דאן ברענגט דער שטן פאר איהרע אויגען דעם פארקאן פון אקציזניק׳ס הויף, און נעבען פארקאן זיא, מיט איהר שרעקליכער פיגור, מיט דיא סמנים, אז זיא ווערט באלד מוטער..... און גיטעלע קרעכצעט און פאלט אהן כוחות אויף א שטוהל נעבען געגרייטען טיש מיט דיא ברענענדע ליכט....

.3

אין דרויסען פערגעהט דערווייל דיא זון. שווארצע שאטענס צושפרייטען זיך ארום..... עס ווערט דונקעלער און דונקעלער... און וואס דונקעלער עס ווערט אין דרויסען, אלץ ליכטיגער ווערט ביי ר׳ זעמעלען אין הויז, אלץ פרעהליכער ברענען דיא סטערינאווע ליכט אין דיא זילבערנע לייכטער אויף דעם קלארווייסען געגרייטען טיש....

און גיטעלע זיצט אלץ ביים טיש אויפ׳ן שטוהל, זיצט און טראכט און מוטשעט זיך, ווארום זיא טראכט.....

„געווען א שטילע טייבעלע — טראכט זיא צום פינפטען,

צום צעהנטען מאל — אזא פרומע אידישע טאכטער..... געוואשען זיך, געבענשט, געפאסט תענותים.... ווער האט זיך אויף איהר געקענט ריכטען אזא פינסטערען גזר דין? מי זאגט, א מיידעל לייענט היינטיגע ביכלאך, דיא „טרייף־פסלן,“ געהט זיא אראפ פון וועג.... זיא אבער האט דאך עס ניט געלייענט.... זיא האט דאך גאר ניט געקענט לייענען... זיא איז דאך געווען אן אמת'ע אידישע טאכטער, היינט וויא?...

„א כשוף“, שעפצעט זיא — „דער שקץ האט איהר אנגעטהאן א כשוף... פארלארען, פארלארען דיא וועלט און יענע וועלט!.....

— רבונו של עולם! — טהוט זיא זיך דא א כאפ — דאס איז דאך א חילול שבת.... איך וועל משוגע ווערן!.....

זיא שפרינגט אויף פון ארט; זיא מוז גובר זיין דעם שטן'ס פינסטערע שליטה.... זיא וועט מעהר ניט טראכטען... זיא וועט נעהמען א תורה־ווארט אין מויל.... פאר דאס היילינע ווארט פון תורה האט דער שטן מורא.....

און זיא נעהמט ארויס פון ספרים־אלמער, וואס שטעהט דא דערביי אין א ווינקעלע, א חומש, מישט אויף שיר השירים און פאנגט אן צו לייענען אויפ'ן קול מיט א פרומען טאן און מיט הארץ....

זיא פערשטעהט ניט דעם טייטש פון דיא ווערטער. זיא ווייס אבער, אז דאס איז גאט'ס היילינעם ווארט, והא ראיה, איהר זעמעלע זאגט אויך שיר השירים יעדען פרייטאג צו שבת.... און וויבאלד, אז דאס איז גאט'ס תורה, מוז דער שטן זיך דערשרעקען....

און מערקווירדיג, אין איהר מויל דורך איהר שטארקען רעליגיעזען גלויבען, קריגט שיר השירים, דאס אונשטערבליכע ליעד דער ליעדער פון מעכטיגסטער ליעבע, א היילינע וואונדערבארע גבורה... דער שטן דערשרעקט זיך טאקע און לאזט צורוה איהר שוואכען קאפ.... זיא טראכט ניט מעהר... זיא הערט זיך נור צו צו איהר אייגענעם קול, וואס רעדט ארויס ווערטער, פרעמדע,



אונפערשטענדליכע, דערפאר אבער אזוינע היילינע ווערטער!....

זיא לייענט שיר השירים ביז זיא דערהערט, אז זעמעלע געהט פון שוהל. דאן מאכט זיא צו דעם חומש, טהוט איהם א קוש, שטעלט איהם אוועק אויף זיין ארט אין ספרים־אלמער, געהט צו צום טיש און שטעלט אויס דיא טעלער, וואס ליגען ביז איצט איינער אויף דער אנדערער, צום עסען.

* * *

זעמעלע קומט אריין, גיט אפ א ברייטען גוט־שבת. גיטעלע ענטפערט איהם אויך אזוי ברייטלאך: „גוט יאהר!“

דיא ליכט ברענען ליכטיג, פריילאך אין דיא זילבערנע לייכטער. דער טיש בלאסקעט פון קלארקייט. פון יעדען ווינקעלע קוקט ארויס דער שבת קודש....

זעמעלע נעהמט אראפ פון זיך דעם ברייטען זיידענעם גארטעל און הויבט אן צו זינגען מיט בעגייסטערונג: „שלום עליכם, מלאכי השרת, מלאכי עליון,“ דאן מיט דער זעלבער בעגייסטערונג: „אשת חיל“. גיטעלע זאגט איהם נאך אין דער שטיל, וויא געוויינליך....

דאן מאכט ער קידוש מיט א פרייליכען טאן, טרינקט דעם וויין פון'ם גאלדענעם בעכער און גיט טרינקען פון דעם קידוש גיטעלען.

נאך'ן קידוש וואשען זיי זיך, זעצען זיך ביים טיש, ער אויבען אן, נעבען דיא צוויי צוגעדעקטע חלות; זיא אויף א שטוהל אויף דעם אנדער זייט טיש. ער מאכט מיט כונה המוציא, שניידט זיך אפ פון דער חלה און איהר. זיא דערלאנגט דיא פיש צום טיש, איהם דעם בעסטען חלק: דיא אנגעפילטע קאפ פון א היבשען העכט, מיט פעפער און ציבעלקעס. דיא פיש פערשמעקט דיא הויז מיט אן אנגענעהמען גערוך.

אפגעגעסען דיא פיש, שטעהט זיא אויף צו דערלאנגען דיא יויך און ער נעהמט זיך זינגען זיינע זמירות:

„אתקינו סעודתא, אוי, בים, באם, דמהימנותא — זינגט

ער מיט אַ פּייערליכע מתיקות — שלימתא חדותא — טאַטע זיסער — דמלכא קדישא!....

גיטעלע טראָגט דעם טעפּיל יויך צום טיש...

פֿלוצים דערהערט זיך פֿון דרויסען אַ פערצווייפעלטער פרויען־געשריי: „אוי!“

גיטעלע טהוט זיך אַ צאַפּעל, וואַרפט אַרוים דעם טעפּיל יויך פֿון דיא הענד; ער האַקט איבער דאָס זמירות זינגען און קוקט צומישט.... „ווער איז עס? חוה'לעם קול!“....

„אוי!“ דערהערט זיך ווידער דער פרויען־געשריי פֿון דרויסען אין דער אַרומיגער בייגאַכטדיגער שטילקייט.....

.4

עס ווערט ווידער שטיל, טויט שטיל.... גיטעלע שטעהט אין מיטען זאַאַל בלייך, וויא קאַלך, מיט איהרע רויטע, אויסגעקאַשערטע אויגען אויסגעגלאָצט אויף זעמעלען, אַקוראַט, וויא זיא וואָלט זיך בעטען ביי איהם אויף שטום־לשון, ער זאָל זיא ראַטעווען פֿון דעם שרעקליכען געשריי, וואָס האָט זיך נור וואָס געהערט. זעמעלע קוקט אויך צומישט מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגען דאָ אויף איהר און דאָ אויף דיא שערבלאַך פֿון דעם צובראָכענעם טעפּיל, וואָס ליגען אין נאַסען זעמדיל אויפ'ן פֿאָל נעבען איהרע פיס, און זיין ווייסע קאָפּ ציטערט בעת דעם אונטער דער שפּיציגער יאַרמולקע....

„וואָס איז עס?“ טראַכט ער צומישט — „וואָס איז עס?“....

און אַזוי ווי צום ענטפערן איהם אויף דעם, לויפט אין דיזער צייט אַריין אין זאַאַל דיא אַלטע אַוודאָטיא, לויפט אַריין פערסאָפּעט, צושראָקען, ציטערט מיט'ן גאַנצען קערפער, און שרייט אויס מיט אַ יאָמער:

— כאַזיאַאין, דיין דאָטשורקאַ... דיין חאַווקעלע... זיא קען ניט ראָדיען... זיא שטאַרבען..... מאָלים, כאַזיאַאין — טאַטולקאַ טי ראָדנאָי, מאָלים!... דו גאָט בע־עט!

גיטעלע קאָרטשעט זיך צוזאַמען און וויא קליין זיא איז



ווערט זיא יעצט נאָך קלענער, זעהר קליין, קוקט אויס כמעט וויא אַ קינד, און זיא פֿערדעקט דעם פּנים מיט'ן פאַרטוך.....

און זעמעלע? לכתחילה, אַז ער הערט, וואָס אַוודאָטיא זאָגט, דערשרעקט ער זיך, טהוט זיך אַ טרייסעל און קוקט אויף איהר צוטומעלט, איבעראַשט. באַלד אָבער נעהמט אָן זיין פּנים אַ רוהיגען אויסדרוק. נאָך מעהר, וויא אַ רוהיגען — דאַכט זיך, אַ פריילּיכען אויסדרוק; ער טהוט אַ הוסט און נעהמט זינגען ווידער זמירות:

„אתקינו סעודתא דמלכא — זינגט ער — אוי, בים, באָם־באָם!....

צוערשט קלינגט זיין קול אַ ביסעלע אויפגערעגט, הייזעריגלאַך און מיט אַ ציטער, אַקוראַט, וויא דיא טענער פֿון זיין שטימע וואָלטען זיך פֿאַרטשעפּעט אָן עפּעס אין זיין האַלז און זיי וואָלט אויסקומען אַרויסצורייסען זיך פֿון דאָרט איבערגעוואַלד... נור באַלד — שוין ביי דעם דריטען, פֿיערטען וואָרט — קלינגט זיין קול ריין און קלאָר....

דא היא סעודתא דחקל תפּוחין — זינגט ער שוין מיט התלהבות, קלאַפּט צו מיט'ן האַנד אָן טיש צום טאַקט און זיין פּנים און זיינע קורצזיכטיגע אויגען שטראַהלען מיט אַ מערקווירדיגער פֿיר דיזע שרעקליכע מינוט פּייערליכע בעגייסטערונג.

„אוי!“ דערהערט זיך ווידער דער פרויענגעשריי פֿון דרויסען, און דיזען מאָל קלינגט ער מיט מעהר וועהטאָג, מיט מעהר פערצווייפלונג אין דער אַרומיגער נאַכט, וויא פֿריהער, און הילכט אָפּ אַזוי שרעקליך אין דיזער שטוב, וואו דער הייליגער שבת רוהט....

גיטעלע טהוט זיך אַ וואָרף מיט אַ פערשטיקטען קרעכץ אָן אַ זייט, דריקט שטאַרקער דעם פאַרטוך צום פּנים און ציטערט.... אַוודאָטיא קאָרטשעט זיך צונויף, וויינט, שעפּצעט אין דער שטיל: „באָזשע מאָי“ און צלם'ט זיך....

און זעמעלע? ער זינגט דיא זמירות מיט נאָך גרעסערע התלהבות, זינגט אויף אַ העכערען קול, קלאַפּט צו שטאַרקער

מיטן האנד אן טיש, אקוראט, וויא ער וואלט געוואלט אריבער־שרייען, דערשטיקען מיט זיין אייגענעם געשריי און מיט זיין קלאפען דעם פערצווייפעלטען געשריי פון „יענער.“

„אוי! אוי!... — הערט זיך יענער געשריי אלץ אפטער און אלץ שרעקליכער...

— שביתין ושביקין — זינגט זעמעלע הויך אויפן קול, און זיין בעגייסטערטע שטימע קלינגט יעצט, דאכט זיך, אויך מיט א מין רוגזה...

— כאזיאאין — טהוט זיך דא א ווארף צו איהם אוודאטיא מיט א יאמער — כאזיאאין!...

זעמעלע הויבט אן צו קלאפען נאכאנאנד אן טיש שטארק און אויפגערעגט, מיינענדיג דערמיט, אז זיא זאל שווייגען, און זינגט זיך דערביי ווייטער זיינע זמרות...

— מסתבין דרחיקין חבילין דמעיקין וכל זיני חרשין... ענדיגט ער.

און גלייך, וויא ער האט געענדיגט, נעהמט אן זיין פנים א שטרענגען אויסדרוק. פון דער פריהערדיגער בעגייסטערונג איז קיין סליאד ניט פערבליעבען, און זיינע קורצזיכטיגע אויגען, וואס האבען ערשט, ביים זמירות זינגען, געשטראהלט מיט אזא ווארעמקייט, קוקען יעצט קאלט, וויא שטאלענע... ער טהוט א קוק אויף אוודאטיא, וועלכע שטעהט צונויפגעקארטשעט און וויינט, דאן אויף גיטעלען, וואס שטעהט צונויפגעדרעהט, וויא א בייגעל, מיטן רוקען צו איהם, און ער פרעגט מיט א קאלטען, רוהיגען קול:

— גיטעל, וואס וויל דיא גויה? וואס שטעהט זיא דא און וואיעט?

גיטעלע ענטפערט מיט א שטילען, רחמנות׳דיגען געוויין.

— שא! — טהוט ער א געשריי מיט א בעפעהלענדען טאן און טהוט א קלאפ אן טיש — שא!! וואס איז היינט? יום כפור? תשעה באב? וואס קלאגסטו, הא?!...

„אוי!“ דערהערט זיך אין דיעזער צייט וויא אן ענטפער, יענער פערצווייפעלטער געשריי — אוי, אוי!...



זעמעלע ווערט שטארקער אויפגערעגט, טהוט זיך א הויב פון ארט, און קוקענדיג אנגעשטרענגט אויף גיטעלען מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגען, נעהמט ער שרייען העכער, יעצט כמעט בייז, און זיין ווייסער קאפ ציטערט בעת דעם, וויא א בלאט:

— איך זאג דיר, דוא זאלסט ניט וויינען — שרייט ער — דוא האסט ניט וואס צו וויינען.... היינט איז שבת... גיטעל, אט קוק: אט דארט, לעבען דיינע פיס, ליעגט א צובראכענע כלי... הייס דער גויה, זיא זאל צונויפנעהמען דיא שערבלאך און ארויסווארפען פון שטוב... ביי מיר אין שטוב איז ניטא קיין ארט פיר א צובראכענע כלי — דונערט ער — דוא הערסט, גיטעל דוא הערסט? ניט אין מיין שטוב און ניט אין מיין הארצען איז דא א ארט פיר א צובראכענע כלי! הייס דער גויה, ארויסווארפען דיא שערבלאך פון שטוב... זיא מעג, אז זיא וויל, זיי אריבערווארפען צום אקציזניק אויפן הויף. דארט איז פיר זיי אן ארט, דארט!...

גיטעלע פערשטעהט, וואס ער מיינט, פיהלט דיא וואונדען אין איהר הארצען, וואס ער האט אנגעריהרט מיט זיינע ווערטער, און איהר ווילט זיך וויינען, שרייען פון ווייטאג... אבער אין דער זעלבער צייט דערמאנען איהר אויך זיינע ווערטער און זיין שטרענגער טאן, אז זיא זינדיגט, זינדיגט שווער; אז זיא איז צופיעל בעוועלטיגט פון׳ם שטן מקטרג... און זיא נעהמט צונויף מיט איבערגעוואלד איהרע אלע קרעפטען, וואס דאס גלויבען און דיא מורא פאר גאט וועקען אויף אין איהר נשמה, און דער שטיקט אין זיך דעם געוויין...

זיא ווישט אפ דיא אויגען און דאן הייסט זיא אוודאטיאן מיט א פערשטיקטען קול, אז זיא זאל צונויפנעהמען דיא שערבלאך פון פאדלאגע...

אוודאטיא טהוט, וואס מען זאגט איהר, געהט ארויס מיט דיא שערבלאך פון שטוב און כליפעט אין גאנג...

און אז אוודאטיא געהט ארויס, זעצט זיך זעמעלע ווידער

אנידער און װענדעט זיך צו גיטעלען מיט א װייכען, זעהר װייכען קול:

— גיטעלע, קום צום טיש. דערלאנג עסען, װאס דוא האסט דארטען...

צונויפגעקארטשעט, מיט א ליידענדען אויסדרוק אין איהר פנים און איהרע אויגען, דערלאנגט זיא דאס פלייש צום טיש, זעצט זיך און נעהמט מיט געװאלד עסען...

און אין דיעזער צייט דערהערט זיך װיעדער און װיעדער יענער געשריי.. דער ביסען פאלט ביי גיטעלען ארויס פון מויל; זיא שפרינגט אויף פון ארט, װיא אן אפגעקאכטע, כאפט זיך אן מיט ביידע הענד פאר'ן קאפ, לויפט איבערן שטוב און קרעכצעט, װיא א פערװאונדעטע...

זעמעלע טהוט זיך א כאפ, װיל זיא אפשטעלען.

— זיץ — שרייט ער מיט רוגזה — זיץ! עס! הער ניט!

—אוי, איך קען ניט! װעה איז מיר, איך װעל משוגע װערען! קרעכצעט זיא — דוא הערסט, סרא קולות! אוי, זעמעלע, ראטעװע מיך, ראטעװע מיך... װעה איז מיר, איך בין נור א שװאכע אידענע, א מאמע א קלאג צו מיר! דוא ביזט א מאנספערשוין... ראטעװע, איך קען ניט... איך האב קיין הארץ ניט, קיין כוח ניט! אוי — ברעכט זיא אויס מיט א פערצװייפעלטען יאמער — אוי איך װעל משוגע װערען!... און זיא פערדעקט דעם פנים מיט'ן פארטוך, װיינט און טרויסעלט זיך מיט'ן גאנצען קערפער, װיא פון קדחת...

און אז זעמעלע הערט יעצט גיטעלען װיא זיא בעט זיך ביי איהם, ער זאל זיא ראטעװען, שװייגט ער, לאזט אראפ דעם װייסען קאפ אויפן ברוסט און שװייגט... דען ער פיהלט, אז אט־אט װעט ער אליין ניט אויסהאלטען און װעט זיך צו־װיינען אויפ'ן קול... װארום זיינע יסורים אין דיזער מינוט זיינען ניט אריבערצוטראגען... ער האט אויך האלד געהאט זיין טאכטער, האלד געהאט זיא מעהר פון אלעמען און אלעס אויף דער װעלט... דער שװארץ אפעל פון דיא אויגען איז זיא ביי איהם געװען... זיין „הארצעלע“



זיין „פייגעלע“ און זיין „קינדושע.“ פאר זיינע אויגען טראגט זיא זיך יעצט פערביי אין פערשיעדענע פאזעס און אין פערשיעדענעם עלטער: דא נאך אלס קינד, שפיעלענדיג זיך און שטיפענדיג איבערן שטוב און דא אלס אן אונטערגעװאקסענע מיידעל, גרייטענדיג פיר איהם צו טיש מעשה גרויסע בריה און מיט א פרייליכע מינע אויף איהר ליעב פנים'על, און דא אלס כלה־מויד, מיט א שטילער, פערטראכטער, שעהמעװדיגער מינע, ארבייטענדיג אין שטוב ביים קאכען, ביים װאשען, ביים נעהען... בענטשענדיג ביים טיש ליכט — און צוזאמען מיט דיעזע בילדער ערװאכט אין זיין נשמה דיא פריהערדיגע ליעבע צו איהר... דאס געדויערט אבער ניט מעהר װיא א רגע: באלד שװימט ארויס פאר זיינע אויגען דער מאנאסטיר הינטערן שטעדטיל... א אפענער פענסטער דארטען... און אין פענסטער זיא... און שרעק ערװאכט אין איהם... שרעק און פערצװייפלונג, און האס — דיעזעלבע געפיהלען, װאס ער האט דאן געפיהלט, אז ערהאט זיא דארטען דערזעהען..... און דיעזע אלע בילדער יאגען זיך און דרייען זיך, און מישען זיך פאר זיינע אויגען, און מיט זיי צוזאמען מישען זיך אין זיין נשמה פערשידענע געפיהלען: ליעבע, שרעק פערצװייפלונג, און האס.... ער װערט דערשטיקט פון זיי!

„ה' נתן, וה' לקח — גאט האט געגעבען און גאט האט צוריק גענומען“ — טראכט ער, און אין דער זעלבער צייט שעפצען אונבעװאוסט זיינע ליפען: „געװען אזא װאוילע טאכטערקע — —

און אז זיינע ליפען שעפצען עס, פיהלט ער, װיא פון זיינע אויגען גנב'ענען זיך ארויס װארעמע טראפענס, קייקלען זיך איבער זיינע באקען און נעצען זיין װייסען בארד. ער איז יעצט אויך געבראכען, דער אלטער זעמעלע, לענגער האלט ער עס ניט אויס, און ער קעהרט אפ דעם קאפ אן א זייט, אז גיטעלע זאל איהם ניט קענען זעהען, שלינגט דיא טרעהרען און סאפעט...

דאס אלעס געדויערט נור עטליכע סעקונדען, און אין דיזע עטליכע סעקונדען לעבט ער איבער דיא איינדריקע און געפיהלען פון גאנצע מאנאטען און יאהרען פון זיין לעבען... זיין מוח

ארבייט. זיין פאנטאזיע צושפיעלט זיך און צורודערט זיין נשמה ביז צו איהרע טיעפסטע ווינקעלעך.... א ים איז יעצט זיין נשמה, א שטורעמדיגער ים, וואס זיינע כוואליעס, וועלכע האבען ביז יעצט גערוהט אין זיין טיעפען שויס, זיינען אויפגעוועקט געווארען פון דיא קנאלען פון'ם דונער און פון דיא פייערען פון'ם בליטץ!....

און פלוצים שטעלט זיך אפ זעמעלעס פאנטאזיע אויף איין בילד: ער זעהט יעצט ליגען חוה'לען אין א בעט מיט א צוקרימטען, צו וועהטאגטען פנים... זיא איז אליין, עלענד, נעבאך, אהן א טאטע־מאמע, אהן פריינד, וועמען עס זאל הארען איהרע יסורים... דאס הארץ צו־וויינט זיך אין איהם... „חוה'לע — וויינט זיין הארץ — „חוה'לע, אויסגעפיהרט, הא?... כדאי געוועזן צו קוילען טאטע מאמע, הא? וואלסטו געהאט א מאן און ניט קיין „שקץ“, וואלסטו דעמאלט געהאט אי א טאטען, אי א מאמען, אי א גרויסען גאט, אן אל רחום וחנון, וואלסטו דעמאלט געהאט, וואס וואלט זיך זיכער אויף דיר מרחם געוועזן! אזוי אבער ביזטו אצינד, וויא אין א וויסטען מדבר, נעבאך... קיין טאטע, קיין מאמע, קיין גאט.... וועמען זאל אצינד הארען פאר דיר?...“

און אז ער טראכט אזוי, דער אונגליקליכער זעמעלע, שווימען דא ארויס פאר זיינע אויגען דער שקץ און דעם שקץ'ס טאטע, דער אלטער אקציזניק... ער זעהט זיי ביידען שטעהען נעבען חוה'לעס בעט... און א געפיהל פון א בע'גזל'טען מענשען, פון א מענשען, ביי וועמען מען האט אוועק גערויבט דאס בעסטע, דאס טהייערסטע, אז ער דערזעהט, וויא זיינע רויבער שפיעלען זיך פאר זיינע אויגען מיט ז י י ן ז א ך, וואס איז איהם געוועזן אזוי טהייער, האט זיך אין איהם ערוועקט...

„פאר זיי האב איך זיא אויפגעהאדעוועט — טראכט ער מיט וועהטאג און מיט האס — „פאר זיי האב איך איבער איהר אזוי געציטערט, פאר זיי און פאר זייער יוזל!“

דיעזער האס געהט יעצט אריבער אויף חוה'לען אויך. ער פיהלט עפעס א מין צורייצטע הנאה, וואס זיא ליידעט.... „רעכט



אויף איהר“ — טראכט ער — „א מצוה אויף דער צולאזענער מויד!“ און ער פיהלט, אז ער וואלט זיא איצט נאך געפאטשט, ווען ער וואלט געקענט...

אזוי זיא האלד געהאט... דיא האלז בעריית געוועזן צו לאזען זיך שניידען פאר איהר... און זיא?.. א מצוה, א מצוה — טראכט ער צורייצט און פיהלט דערביי דאס זעלבע, ווי ער וואלט געקראצט א געשוויער, וואס שמארצט איהם...

„א מצוה אויף איהר! גאט בעצאהלט איהר דערפאר... איהר? נור איהר? און מיר און איהר מאמען?... פארוואס אונז? האבען מיר זיך אזוי שווער פערשולדיגט פ א ר א י ה ם, אז קיין קלענערע שטראף האט ער פיר אונז ניט געקענט אויסגעפינען, וויא דיא? פארוואס הא, פאר וואס?!“.. — הויבט זיך פלוצים אויף אין זיין נשמה א געהיימע אונצופריעדענע שטימע מיט טענות צו גאט... „נסיון!... ענטפערט איהר גלייך אב א צווייטע שטימע פון א ווינקעלע — „נסיון! דוא האסט קיין רעכט ניט צו ריידען.... גאט וויים, וואס ער טהוט... דעם רשע שטעלט ער ניט אוועק אין נסיון, נור דעם צדיק, דעם אמת עהרליכען אידען... דערמאן זיך נור אויף איוב'ען....“

און דיעזע שטימע, וואס רעדט פון נסיון, איז אזוי שטארק, רעדט מיט אזא פייער, מיט אזא איבערצייגונג, בעווייזט, אז עס איז א נסיון מיט אזוי פיעל ביישפיעלע און ראיות פון גמרא, פון מדרש און פון אנדערע הייליגע ספרים, אז דיא אונצופריעדענע שטימע דערשרעקט זיך און בעהאלט זיך צוריק אין דעם געהיימען ווינקעלע פון זעמעלעס נשמה... און ער, זעמעלע, הערט איצטער נור איהר אליין, איהר, דיא שטארקע, דיא מעכטיגע שטימע... און וואס לייננגער ער הערט זיך צו צו איהר, אלץ שטארקער גלויבט ער אין איהרע ווערטער און אלץ רוהיגער און ליכטיגער ווערט איהם אויפ'ן נשמה... יע, גאט שטעלט איהם אויף פראבע, ער מוז איהם בעווייזען, דעם מלך מלכי המלכים, אז ער, זיין קנעכט זלמן בן שפרה, איז איהם איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען, ער מוז און וועט!

און טראַכטענדיג, פיהלט ער, דער שוואַכער, צובראָכענער, אַלטער זעמעלע, אז ער איז מיט אַ מאָל געוואָרען שטאַרק, יונג וויא ער איז נאָך קיין מאָל ניט געווען; אז ער איז איצטער שטאַרקער פון שמשון הגבור און איז בערייט פון גאָט'ס וועגען מלחמה צו האַלטען מיט'ן שטן און מיט דער גאַנצער וועלט.. זיין פנים צופלאַמט זיך מיט בעגייסטערונג און זיינע אויגען צינדען זיך אָן מיט אַ הייליגער התלהבות, ער טהוט זיך אַ קעהר צו גיטעלען, וואָס שטעהעט נאָך אין מיטען זאַאל צונויפגעקאָרטשעט מיטן רוקען צו איהם, און טרייסעלט זיך, און זאָגט מיט אַפייערליכער שטימע:

— גיטעלע, גיטעלע, הער אויף צו זינדיגען!! גענוג דיר צו וויינען!... (ער שטייט אויף פון אָרט, געהט צו איהר צו און זאָגט מיט א שטילערען קול) : — נאַרעלע, פערשטעהסטו ניט, אז עס איז אַ נסיון פון גאָט?...

— אוי, זעמעלע, דאָס איז אָבער אזא שווערער נסיון — וויינט זיא פערשטיקט — איך ווייס, אז איך זינדיג, וועה און ווינד איז מיר!... איך קען אָבער ניט אַנדערש.... זעמעלע, דאָס איז דאָך דער גיהנום, דער אמת'ער גיהנום!..... וויינט זיא ליידענשאַפטליך, פערשטיקט.

— נאַרעלע — רעדט ער צו איהר מיט בעגייסטערונג — אַז עס וואָלט ניט געווען אזוי שווער, וואָלט עס קיין נסיון ניט געווען!... ע ר וויל זעהען, וויא שטאַרק איז אונזער האַרץ!..

אוי, איך האָב ניט קיין האַרץ.... מיין האַרץ איז אויסגעפוילט!....

— אברהם אבינו האָט ניט פערלאָרען זיין בטחון, אפילו יעמאָלט, אז מען האָט איהם אריינגעוואָרפען אין ברענענדיגען קאַלך אויווען!... רעדט ער צו איהר אין אַ מוסר טאָן....

— ער איז געווען אַ צדיק און אַ שטאַרקער מאַן — וויינט זיא ליידענשאַפטליך — און איך? וואָס בין איך?... א שוואַכע, קראַנקע אידענע, א פערפינסטערטע מאמע.... ווינד איז מיר, איך האָב קיין כח ניט!



—דו וויל נור!—שרייט ער שוין מיט רוגזה, מיט אַן אויפגערעגטען קול — דו וויל נור, וועסטו האָבען כח!.... נאַרעלע — בייט ער פּלוצים אום זיין קול אויף א ווייכען און בעטענדיג: — נאַרעלע, וואָס הייסט, דוא האָסט קיין כוח ניט... קיין מויער דאַרפסטו דאָך ניט אויפהויבען!... גיטעלע, נו, גענוג... נו, וויין ניט... שאַ, שאַ!.... „איזהו גבור, הכובש את יצרו"—דער איז נור אַ גבור, וואָס נעהמט איין זיין יצר הרע!... נו, שאַ, שאַ!....

— אוי, זעמעלע, אז דוא וואָלסט וויסען וויא מיר איז — כליפּעט זיא און טרויסעלט זיך, וויא פון אַ קדחת — איך שטאַרק זיך און שטאַרק זיך, און קען ניט... עס איז דאָך אַ מאָל געווען אונזער קינד!....

און ער ענטפערט איהר מיט רוגזה:

— גענוג, גענוג!... דוא ווייסט, אז זיא איז טויט, געשטאָרבען! דוא נאַר דוא, דוא ווייסט, אַז איוב האָט פערלאָרען פיער זיהן און דריי טעכטער; אז ער האָט אַלץ אָנגעוואָרען, אַלץ, וואָס נור ער האָט געהאט, אפילו זיין גוף איז אויך בעשטראָפט געוואָרען מיט א מורא'דיגען קרעץ — פון דעסטוועגען.... פון דעסטוועגען....

„אוי!" דערהערט זיך אין דיעזער צייט פון צווייטען הויז דער פרויענגעשריי, וואָס הילכט אָפּ אין דער טרויעריגער נאכט, וויא א לאַנגער, לאַנגער יאָמער פון'ם ווינד — „אוי!"

גיטעלע נעהמט אויך שרייען מיט אימה'דיגע קולות, כאַפּט זיך פאר'ן קאָפּ און נעהמט לויפען איבער'ן שטוב.

— אוי! — שרייט זיא — אוי, אוי, דער מח שפּאַלט זיך!... אוי, ס'אַרא קולות... וויא קען זיא נאָך זשאַווען דאָרטען!... הער! הער!.... הער! ס'אַרא קולות! וויא שפּאַלט זיך ניט דער הימעל!.... וואוהין אנטלויפט מען, וואו בעגראָבט מען זיך?... אוי, אוי, אוי, איך וועל פון מח אראָפּ!....

און יעצט הערט זיך יענער פרויענגעשריי נאָכאַנאַנד, מיט געבעט הילכט ער, מיט געבעט, מיט אונערטרעגליכען וועהטאָג, מיט פערצווייפלונג און מיט שרעק.

„אוי! אוי!... אַ—אַ—אַ!...

גיטעלע לויפט איבערן זאַאַל האלב משוגע, מיט אַ צו־קרימטען פּנים, מיט גלעזערנע אויגען, דריקט זיך דעם קאָפּ מיטביידע הענד און בּיי יעדען געשריי פון יענער פרויענצימער, טהוט זיא אויך אַ געשריי און אַ לאָף איבער'ן צימער, וויא אימיצער וואָלט זיא פון הינטען געשמיסען מיט אַ בּייטש!..

זעמעלע האָט איצט אויך פערלאָרען זיין פריהערדיגע גבורה; ער שטעהט א בלייכער, קוקט צומישט מיט זיינע קורצ־זיכטיגע אויגען און ציטערט פון קאָפּ ביז דיא פיס.....

אויף'ן סוף לויפט צו איהם צו גיטעלע, כאַפּט איהם פאר'ן האַנד און שעפּצעט צושטערט:

— זעמעלע, דאָס איז דאָך אָבער.... צופיעל, צופיעל.... פון גאָט... אָהן רחמנות גאָר... בעהאַלט מיך ערגעץ! ראַטעווע, פיהר מיך אַוועק.... פיהר מיך אַוועק פון דאַנען!.... וואָרים, וואָ־רים — שרייט זיא אויס מיט א ליידענשאפטליכען יאמער — באַלד, איך האָב מורא.... איך וועל באַלד משוגע ווערען... איך וועל.... נאָך באַלד גאָט אויך נעהמען שילטען!.....

זעמעלע טהוט א שוידער.

— שטילער! שרייט ער אויס מיט שרעק — וואָס רעדסטו, הולטאַיקע!.... קום — טהוט ער זיא א כאַפּ — קום אין ספּאַלניע... פערשפּאַר דיא טהיר.... לייג זיך אָפּרוהען... דעק זיך איבער מיט קישענס, מיט קאָלדרעס.... הער ניט, רייד ניט, זינדיג ניט! — שרייט ער אויס מיט שרעק, פיהרענדיג זיא אין שלאָף־צימער.

אין שלאָף־צימער קוקט אריין דיא לבנה דורך'ן פענסטער, איהרע שטראהלען פויזען ארום איבער'ן פּאָדלאָגע און בעלייכ־טען דעם צימער מיט א בלייכער ליכט....

זעמעלען דאכט זיך, אז דיא לבנה קוקט אויף זיי דורך'ן פענסטער, קוקט אַזוי מאָדנע, אקוראט, וויא זיא וואָלט זיי עפּעס געסטראשעט.... און א פּחד נעהמט איהם אָן, א שרעקליכע מורא, און אַ שוידער לויפט דורך איבער זיין לייב....



ער פיהרט צו גיטעלען צום בעט. זיא ווארפט זיך אריין אין בעט, גראָבט איין דעם פּנים אין קישען און שטיקט איהרע קרעכצען.

זעמעלע בלייבט שטעהן נעבען איהר, קוקט אויף דער לבנה אין פענסטער, און וואָס לענגער ער קוקט אויף איהר, אלץ שרעקליכער קוקט זיא אויף איהם, אלץ בּייזער... אָט זעהט ער בעשיינפּערליך, וויא זיא ווינקט צו איהם דורך'ן פענסטער מיט אַ סטראַשענדיגער מינע... ער פערשטעהט, וואָס זיא מיינט... „הא, אזוי שטעהסטו אויס דעם נסיון?“ — מיינט זיא... עס ווערט איהם קאַלט און עס ווארפט איהם א צאָהן אָן א צאָהן......

דיא געשרייען פון יענער פרוי הערען זיך יעצט ניט.....
עס איז שטיל ארום. מע הערט, דאכט זיך, א געהיימען שעפּצען פון דער נאכט... און אָט דערהערט זיך דורך דער ארומיגער שטילקייט דאָס קלאַפּען פון דעם נאַכט־וועכטער מיט זיין קאַ־לעקאָטקע אין דרויסען: טראַך—טראַך—טראַך.... עס ענטפערט איהם א ווייטער פייפען פון א פּאָליציייסקער פייפעל... און עס ווערט ווידער שטיל...

און גיטעלע ליגט אויפ'ן בעט, ליגט וויא א טויטע, דעם פּנים איינגעגראָבען אין קישען, מיט צונויפגעקוועטשטע ציינער און ריהרט זיך ניט....

זעמעלע טהוט א שווערען זיפץ.

„אוי, נו, רבונו של עולם!“ שעפּצעט ער און עס ווארפט איהם אין קעלט און אין היטץ.

פּלוצים הילכט אָפּ אין דער געהיימער שטילקייט פון דער נאכט א שרעקליך־הערצרייסענדער געשריי:

„אוי, מאמינקע, רא—טע—ווע! .....

גיטעלע שפּרינגט אויף פון בעט מיט א געשריי:

„אוי, זיא רופט מיך!... חוה'לע!....

דיא אויגען בלישצען ביי איהר משוגע און זיא טהוט זיך א וואָרף מיט אַן אימפּעט פון בעט.....

זעמעלע כאפּט זיא אַן פאר'ן האנד און שרייט אויס מיט שרעק:

— וואוהין? וואָס ווילסטו טהאָן?.....

— לאָז איין — שרייט זיא משוגע, רייסענדיג זיך פון זיינע הענד. — לאָז איין, דו רוצח! קיין הארץ האָסטו ניט. קיין רחמנות! זיא שטאַרבט, לאָז מיך צו צו איהר!...

— דו ווילסט מיך קוילען, הולטאַיקע — שרייט ער אויס און עס ווארפט איהם א צאָהן אַן א צאָהן — אין גאנצען קוילען?!

— לאָז איין, גזלן! איך וועל דיר דיא אויגען אויסדראַפּען...

און מיט אַן אונגעוויינליכען כח טהוט זיא זיך א ריס פון זיינע הענד און לויפט ארויס פון שטוב.

זעמעלע קאָרטשעט זיך צוזאמען פון שרעק.... וואָס איז עס? וואָס טהוט זיך עס היינט?... פערציג יאָהר האָט ער אָבגעלעבט מיט גיטעלען און עס האָט קיינמאָל ניט געטראָפען, אז זיא זאָל זיך דערוועגען איהם ניט צו פאָלגען, און אצינד, אין אזא צייט — וואָס איז עס?.....

ער זעהט אין דעם אויך א שלעכטען סימן, און איהם ווערט נאָך מורא'דיגער....

* * *

אין א פּאָר מינוטען ארום, אז ער געהט ארויס זעהן, וואו גיטעלע איז, טרעפט ער זיא אויפ'ן הויף, ניט ווייט פון דער טיר פון שטוב, א צונויפגעקאָרטשעטע, מיט פערבראָכענע הענד ביים ברוסט און מיט אַן אראָבגעלאָזענעם קאָפּ....

דיא נאכט איז א העללע, א ליכטיגע... דיא לבנה שווימט איבער'ן הימעל, און, שווימענדיג, קוקט זיא אויפ'ן דאך פון'ם אַקציזניק'ס הויז, וועלכער גלאַנצט, וויא בעשאָטען מיט זיל־בער.... אויף ד'רערד, ביים פארקען, וואָס טהיילט אָפּ זעמעלע'ס הויף פון דעם אקציזניק'ס, שטעהט אוודאָטיא אויף דיא קניע, מיט דיא אויגען פערריסען צום הימעל, מורמעלט עפּעס און צלם'ט זיך....



זעמעלע ריהרט אָן גיטעלע'ן פאר'ן פּלייצע, זיא טהוט זיך א טרייסעל און קוקט זיך אום מיט גלעזערנע אויגען.

— קום — רופט ער זיא מיט א ציטערנדען קול — קום אין שטוב!....

זיא שטעהט און קוקט א וויילע אויף איהם, דאַן ווייזט זיא איהם אָן מיט'ן פינגער אויף אוודאָטיא'ן ביים פארקען און שעפּ־צעט ארויס צושטערט:

— זעהסט, זעמעלע, זעהסט, הא? און מיר איז גאָר פון טח ארויס, אז מע דארף פאר איהר בעטען צו אַן אנדער גאָט!......

זעה, זעה, וויא זיא צלם'ט זיך דאָרטען, זעה! קום פון דאַנען, קום אַוועק!... שעפּצעט זיא פערשטערט — קום!... יענע איז ניט אונ־זערע, זייערע, זייערע!

זיא וויינט שוין ניט מעהר, זיא קרעכצעט שוין ניט מעהר. איהר הארץ איז פערגליווערט, אָבגעשטאָרבען.

און אז זיי נעהמען געהן צוריק אין שטוב, שטעלט זיא איהם ווידער אָפּ אויפ'ן וועג און שעפּצעט:

— דוא הערסט גאָר ניט, זעמעלע?... קיין קרעכץ אויך ניט?.....

זיא שטרענגט אָן דעם אויער און הערט זיך צו צו דער שטילקייט פון דער נאַכט. ער לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ און סאָפּעט פון דיא טרערען, וואָס שטיקען איהם....

עס איז שטיל... עס הערט זיך נור אוודאָטיא'ס מורמלען, וואָס קלינגט וויא א געמורמעל פון א לויפענדען וואסערל אין דער נאָהנט, צייטענווייז ווערט איהר מורמלען איבערגעשלאָגען פון דעם נאַכטוועכטער'ס קאַלעקאָטקע....

— זעמעלע, הערסט אלץ גאָר נישט? — שעפּצעט זיא און איהרע אויגען בלאָנדזשען ארום ארום דעם אַקציזניק'ס שטוב מיט דיא ליכטיגע פענסטער: — זיא איז געשטאָרבען, זיכער געשטאָרבען!....

— גע'פּגר'ט — כאַפּט ער אונטער שטיל און הייזעריג, און צו־וויינט זיך, וויא א קליין קינד...

אז זיא דערהערט זיין געוויין, טהוט זיא זיך א כאפ צו איהם:

— וואס? דוא וויינסט אויך? שעפּצעט זיא — דוא אויך? נו, שא, נארעלע, נו, נו גענוג... קום אין שטוב, קום, שא! — שעפּצעט זיא....

— איך בין קיין איד ניט, גאר קיין איד ניט, וויינט ער...

און דיאביידע אלטינקע, ביידע צובראכען, איינגעהויקערט, מיט ארא‌בגעלאזענע קעפ, געהן אריין צוריק אין שטוב...

זיי זעצען זיך ביים טיש, לאזען אראפּ דיא קעפּ און שווייגען. דאס איז א שרעקליכער מין שווייגען, הארצברעכענדער פון דעם העכסטען יאמער...

און אזוי זיצען זיי א היבשע צייט. דיא ליכט האלטען דערווייל ביים אויסברענען. זייערע פייעריגע צינגעלאך צאפּלען זיך שוין ביי דיא ברעגעס פון דיא לייכטער... אין זאאל ווערט דונקעלער... דיא ווינקעלאך פון זאאל ווארפען פון זיך שווארצע שאטענס... עס ווערט אלץ שווארצער און שווארצער ארום...

פּלוצים עפענט זיך דיא טיר מיט האסט און דיא אלטע אוודאטיא לויפט אריין אין זאאל מיט א שמחה:

— כאזאיעטשקא! — שרייט זיא אויס מיט טרערען אין דיא אויגען — דיין דאטשורקא, דיין האוועקלע... סלאווא באגו, זיא א סינאק געראדיעט... א סלאווינקען סינאק, א שעהן אינגעלע, מיר, מיר קוכארקא געזאגט...

גיטעלע שפּרינגט אויף פון ארט און ציטערט.

— אוודאטיא! — שרייט זיא אויס היסטעריש — זיא לעבט? איבערגעקומען?... וואס פאר א שטארקען גוטען גאט מיר האבען! — טהוט זיא א פּאטש אין דיא הענד — דוא הערסט, זעמעלע, דוא הערסט? — טהוט זיא זיך א כאפּ צו איהם מיט שמחה — זיא לעבט!....

זעמעלע האט זיך אויך אויפגעהויבען פון ארט, בלייך, וויא דער טויט, האלט זיך מיט ביידע הענד אן דיא ברעגעס פון



טיש און ציטערט אזוי, אז דיא געשיר אויפ'ן טיש טרייסלען זיך מיט מיט א קלינגעריי....

— א ממזר — שעפּצעט ער, ציטערנדיג — א ממזר...

און עס ווארפט איהם א צאן אן א צאן....

גיטעלע טהוט זיך א כאפּ צוריק מיט א קרעכץ, קארטשעט זיך צוזאמען און קוקט אויף איהם צושראקען מיט גלעזערנע אויגען.

„א ממזר!“ הילכט און עס קלינגט אין איהרע אויערן און צינדט איהר אן דעם מוח — „א ממזר!“ — שעפּצען איהרע ציטערנדע ליפּען — „א ממזר“....



דער טאַטע משה און די מאַמע באַשע האָבּען ממש געקוואָלען פון זייער געראָטענער בּת יחידה'קע — זייער חנה'לע, זייער געראָטענע טאָכטערקע, מיט איהר שעהנקייט, מיט איהר חכמה וועט געווים קריגען אַ חתן, אַ זיידענעם יונגען מאַן...

דאָ איז אָבּער חנה'לע פּלוצים געבּליעבּען אַ בּיטערע יתומה, נעבּאַך — איהר טאַטע משה האָט אוועקגעגעבּען זיין נשמה צו גאָט....

זיא איז דאַן שוין געוועז אַ זיעבּענצעהן יעהריגע מיידעל, בּיי לייטען אַ כלה אַ מויד.

און פערדאגה'ט האָט זיך באַשע: ווינד און וועה איז איהר, וואָס זאָל זיא נעבּאַך איצטער טאָהן? קיין חיונה איז ניטאָ, חנה'לע איז אַן ערוואַקסענע מויד — וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?

און זיא האָט זיך גענומען האַלטען עצות מיט חנה'לען:
חנה'לע — טאָכטערקע, וואָס טהוט מען?

— פּאַל ניט אַראָבּ, מאַמינקע; לאָז מיך נור פאָהרען קיין אַמעריקאַ, דאָרט וועל איך גאַנץ זיין. ווען אַזאַ שלאַק, וויא יאַכנע שמערעל איצעס, האָט זיך דאָרט געפונען אַ בּעשערטען — אַ גביר, אַ גאַנצען פאַבּריקאַנט, האָבּ איך גאָר ניט וואָס צו זאָרגען...

— חנה'לע, טאָכטערקע, וואָס רעדסט דוא, אוי אַ וועהטאָג איז מיר, שטייטש, אין אַמעריקאַ? און וואו וועל איך בּלייבּען אויף מיינע עלטערע יאָהרען, מיט וועמען, אַ בּראָך צו מיר?!

— איך וועל בּאַלד שיקען נאָך דיר פון דאָרטען....

און געוויינט האָט באַשע, שלאָגענדיג זיך מיט דער דעה, געוויינט בּיטער.... וויא זאָל זיא זיך צושיידען מיט חנה'לען? וויא אַזוי לאָזט מען אַזאַ יונגע קינד אַליין אין אַזאַ ווייטען דרך, אין אַ וועלט ערגעץ אונטער דער ערד.... דאַרף פאָהרען מיט'ן ים... און אז דער אויבּערשטער האָט שוין בּשלום אַריבּער געבּראַכט אַהינצו, וואָס וועט זיין מיט איהר דאָרטען?.... קיין מאַמע, קיין טאַטע, קיין פריינד, קיין גואל.... וועה איז צו איהר, וועה איז צו איהר מאַמעס הארץ, וועה, וועה!...

# ברוך דין אמת.

## .1

איין טאָכטער האָט געהאַט באַשע־חיה־גיטעלעס, איין אויג אין קאָפּ — דאָך האָט זיא נעבּאַך זעהר וועניג נחת פון איהר געהאַט!...

אז דער אַלטער האָט נאָך געלעבּט, איז געוועזן ניט צו פערזינדיגען; חנה'לען האָט גאָר ניט געפעהלט — סיי אַ קלייד, סיי אַ שוך — אַלעס איז געוועזן, גלויבּט און געדאַנקט זיין נאָמען...

חנה'לען האָט מען אויך גענומען אַ לעהרער צום לערנען— שוין אַזאַ וועלט, בּרוך השם, אַז מען מוז זיין געבּילדעט...

און אַ טהייערע קעפּעלע האָט חנה'לע געהאַט, גאָר אַ מאַנסבּילשע, און האָט זיך געלערנט, וואָס איז שייכות, אָט טאַקי וויא אַן עלוי.... איהר שרייבּען איז געוועזן אַ פּקוח נפש ממש, היינט איהר לייענען, אַ קאַטאָוועס איהר לייענען? איינע אין אַ וועלט!....

היינט אַ פּאַרשוין איז געוועזן חנה'לע, אסור אויבּ צו איהר האָט מען געקענט גאָר געפינען אַ גלייכען, ווען מען זאָל חאָטש אויסזוכען די וועלט אין מיט'ן העלען טאָג מיט אַ ליכט אין האַנד!...

שווארצע אויגען וויא אַ פּאָאר פינקלענדיגע בּריליאַנ־טען, אַ פּנים ליכטיג, ניט אַריינצוקוקען, וויא אין די שעהנע, ליכטיגע זונן.... אַ שמייכעל — גאָלע חן... היינט אַ וואוקס? הויך און גלייך, אַ **יונגע** בּוימעלע!...

און אויפ'ן סוף האָט דאָך חנה'לע ביי איהר גע'פּועל'ט צו לאָזען זיא אין אַמעריקאַ: „עט, וואָס מאַכט עס אויס... מסתמא אזוי בעשערט... דער גרויסער גאָט לעבט אומעטום... לאָז זיא פאָהרען געזונטערהייט קיין אַמעריקאַ"...

און פערקויפט האָט באשע איהר שטיבעל, און אויס בעל הבית'טע! און האָט געגעבען חנה'לען צוויי הונדערט זיל-בערנע רובעל אויף דער רייזע....

אוי האָט געקוועטשט באשען דאָס האַרץ, פאָהרענדיג צום וואקזאל מיט איהר חנה'לען!...

— חנה'לע, חנה'לע, גאָט זאָל מיט דיר זיין, דער זכות פון דיין פרומען טאַטען זאָל דיר ביישטעהען! — האָט געקלאָגט באַשע.

חנה'לע האָט אויך געוויינט, געווישט מיט אַ ווייסער טיכעל איהרע שעהנע אויגען און ביטער געוויינט.

זיא איז אריין אין וואַגאָן... באשע איז געבליעבען אַ געשטאָרבענע, אין האַרצען האָט זיך ביי איהר אָפּגעריסען... אַ קלונג.... אַ פייף... דיא וואַגאָנעס הויבען זיך אָן לאַנגזאַם צו ריהרען... חנה'לע שטעקט אַרויס דעם קאָפּ דורכ'ן פענסטערל פון איהר וואַגאָן. פון איהרע אויגען קייקלען זיך טהרערען....

„זיי געזונד, מאַמינקע, הערט זיך איהר קול, וואָס קלינגט יעצט וויא אַ קרעכץ — זיי געזו..." דיא לעצטע זילבע ווערט פער-טומעלט פון דעם רוישען פון דיא רעדער, וואָס הויבען אָן צו געהן שנעלער. דער לאָקאָמאָטיוו לאָזט פון זיך אַרויס אַ ווייסען רויך, וועלכער צושפּרייט זיך איבער דיא וואַגאָנעס... באשע קוקט מיט גרויסע גלעזערנע אויגען אויף דיא וואַגאָנעס און אויף דעם רויך, און איהר דאַכט זיך, אז מען האָט עפּעס ביי איהר אוועקגענומען, עפּעס טהייערעס, אָהן וואָס זיא קען קיין מינוט ניט לעבען... אוועקגענומען און פערשפּאַרט אין דיא וואַגאָנעס און מען אַנטלויפט מיט דעם, מען פליהט אוועק מיט דעם אין יענעם ווייסען רויך, וואָס צושפּרייט זיך דאָרט פאר דיא וואַגאָנעס....



— שטעהט, ווארט, ראַטעוועט! לאָזט מיך חאָטש זיא נאָך איין מאָל אָנקוקען, דיא קרוין פון מיין קאָפּ!... לאָזט מיך חאָטש גוט אָנקושען זיא... זיא איז מיין טאָכטער, מיין איינציגע אויג אין קאָפּ, מיין טהייערסטע ציערונג — מיין חנה'לע!.... וויל זיא אָנהויבען צו שרייען, אָבער איהר קול ווערט איבערגעריסען אין האַלז, איהרע ליפּען ציטערן נור...

און דיא וואַגאָנעס טראָגען זיך דערווייל מיט אַ הוזשען און זשוזשען אַלץ ווייטער און ווייטער און באַלד פער-שווינדעט דער לעצטער וואַגאָן פון דיא אויגען... און באשע זעהט נור יעצט פאר זיך רויך, רויך און רויך... ווייסען רויך, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשטעלט פון אַהינטער דיא וואַגאָנעס, וועלכע זיינען אוועקגעפלויגען אזוי האַסטיג מיט איהר חנה'לען; און אין דיעזען רויך, דאַכט זיך איהר, איז יעצט פערטרונקען זיא און דיא גאַנצע וועלט. ער שטיקט אַזוי, ער עסט אַזוי דיא אויגען, דיא האַלז און דאָס האַרץ!

און זיא שטעהט נאָך אַ לאַנגע צייט אויף איין אָרט און קוקט און קוקט מיט פערצויגענע פון טרעהרען אויגען אין איין זייט, אין דער ווייטער ווייטקייט; חנה'לען אָבער זעהט זיא דאָרט ניט מעהר, נור רויך, דעם זעלביגען ווייסען רויך!...

פּלוצים טהוט זיא אַ רוק אויפ'ן קאָפּ דיא פאַטשיילקע, לייגט צונויף ביידע הענד, הויבט אויף דיא אויגען צום הימעל און קרעכצעט אויס: „גאָט דוא ביזט גערעכט און דיין משפט איז גערעכט! היט חאָטש דיא קרוין פון מיין קאָפּ, מיין טאָכטער, היט מיין חנה'לען!"....

.2

אוי, ס'רא שמחה, אוי, ס'רא יום טוב איז דאַן געווען ביי באשען!.... זיא האָט געקראָגען דעם ערשטען בריעף פון חנה'לען, אז זיא איז אָנגעקומען קיין „נייאָרק", האָט זיך געזעהען מיט לאַנדסלייט, וועלכע האָבען זיא אריינגענומען אין אַ פאַבריק נעהען העמדער....

און באשע האָט געבעטען איהר שכן, מאָנע דעם מלמד,

אז ער זאָל אזוי גוט זיין און אָנשרייבען איהר חנה'לען א גוטען בריעף.

און מאַנע, דארפט איהר וויסען, איז ניט געווען אבי א שרייבער, ער איז געווען א כתבן גדול און א בעל מליץ איינער אין א וועלט.... מיט זיין מליצה האָט ער געקענט אפילו שטיי־נער ריהרען....

און ער האָט פערקאַשערט דעם אַרבּעל און האָט אָנגע־שריעבען חנה'לען אזא מליצה:

„.... פון דיין מאַמעס אויגען, באשע תחיה, טריפען טרעה־רען יום ולילה, וויא ביי לאה אמנו, יעקב אבינו'ס ווייב.... ביים וואָרעמעס דערמאָנט זיא דיך, וויא יעקב אבינו יוסף'ן... און אז זיא לייגט זיך שלאָפען, דערמאָנט זיא זיך, אז זיא איז נעבאך א ביטערע אלמנה... און דוא ביזט איהר איינציגער טרויסט אויף דער וועלט... על כן בענקט זיא נאָך דיר, וואָס איז שייכות, וויא אן אמת געטרייע מאַמע נאָך איהר בת יחידקה.... און אז זיא שטעהט אויף, טראַכט זיא אויך נור וועגען דיר... על כן בעט זיא דיך, אז דוא חנה'לע, זאָלסט ניט פערגעסען, וואָס גאָט האָט געבאָטען אין זיין הייליגער תורה. כשנאמר: „כבד את אביך ואת אמך" — זאָלסט שטעלען יאָהרצייט נאָך דיין טאַטען, הנפטר דעם זעקסטען לחודש ניסן, וויא אן אמת'ער צדיק... און שרייב, וואָס דוא מאַכסט אין געזונד און וויא איז דיין פרנסה... ממני מרדכי ב"ר ישעיהו כ"ץ מק"ק פּאַגראַמאָוועקע...

און וויעדער זיינען אוועק צוויי חדשים און באשע האָט געקראָגען א צווייטען בריעף פון חנה'לען. אין דעם צווייטען בריעף האָט חנה'לע געשריעבען באשען, אז זיא מאַכט א לעבען, פערדיענט שעהן, בעזוכט פערזאַמלונגען פון קלוגע מענשען און שיקט ארויס צעהן רובּעל. דיעזען בריעף האָט באשע אפילו ניט קלאָהר פערשטאַנען און מאַנע אויך ניט. דאָך האָט זיא זיך געפרעהט. ערשטענס, מיט דיא צעהן רובּעל; צווייטענס, ווייל חנה'לע איז געזונד, און דריטענס, ווייל זיא פערדיענט גוט.... זיא האָט וויעדער געבעטען מאַנען, ער זאָל חנה'לען שרייבען, און



דער גרויסער בעל מליץ האָט אָנגעשריעבען וויעדער אזא בריעף.

„ראשית שרייב איך דיר ,אז פון דיין מאַמעס אויגען טריפען טרעהרען, וויא פון א ביטערן קוואַל. אז דיא אויגען זיינען ביי איהר רויט געוואָרען, וויא ביי לאה אמנו, יעקב אבינו'ס ווייב, און אזוי א דאַנק דעם אויבערשטען, איז זיא געזונד, חוץ זיא קלאָגט זיך א ביסעלע אויף דיא האַרץ און אויפ'ן קאָפּ, כן יתן ה' פון דיר דאָס זעלבע צו הערען... שנית שרייב איך דיר, אז דיין מאַמע האָט מקבל געווען דיא עשרה רו"כ און שיקט דיר דערפאַר איהר ברכה, אז דערפאר זאָל דער אויבערשטער דיך בענטשען מיט א גוטע מערכה און הצלחה, וואו דוא וועסט זיך קערען און ווענדען, און שרייב מיר, אויב ביי אייך זיינען דאָ חתנים און אויב זיי ווילען ביי אייך חתונה האָבען... וואָרום היינטיגע יאָהרען, ברוך השם, פערגעסען דיא בחורים, אז מצות פריה ורביה איז קיין קלייניגקייט ניט און ווילען ניט חתונה האָבען... און געדענק, אז א בת ישראל טאָר ניט פערזעסען ווערען, מוז חתונה האָבען, בכדי אז גאָט'ס ברכה זאָל מקוים ווערען, וויא עס שטייט בפרוש אין פסוק: „פרו ורבו ומלאו את הארץ."

און אזוי פלעגען זיך דורכשרייבען חנה'לע מיט מאַנען גאַנץ אָפט...

איהרע בריעף זיינען וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ אונ־פערשטענדליכער אי פאר באשען, אי פאַר מאַנען. אין זיי האָט זיא געזידעלט דיא פּראָצענטניקעס, דיא וואָכערניקעס, האָט זיי גערופען מיט אזוינע נעמען — אסור, אויב מאַנע און באשע האָבען גאָר אזוינע נעמען ווען עס־איז געהערט אויף זייער לע־בען! „עקספּלואטאטאָרס," „אויסבּייטערס," וכדומה — גנעה טרעף, וואָס זיא מיינט! דיא בעלי מלאכות האָט זיא אויך גע־זידעלט. „זיי זיינען נאַראָנים, פינסטערע מוחות, זיי ארבייטען אויפ'ן צווייטען און גאָר!"

און לעזענדיג דיעזע בריעף, האָט מאַנע געקוועטשט מיט דיא פּלייצעס, געקאָרטשעט מיט דעם שטערען און אין מוח

האט זיך ביי איהם געדרעהט א מחשבה: „זיא איז משוגע, קלאהה! וויא דער טאג, זיא איז דארטען משוגע!“....

באשע פלעגט איהם אריינקוקען אין דיא אויגען ווען ער פלעגט לעזען חנה׳לעס בריעף, פלעגט זיך צו הערען מיט אלע אברים און האט זיך געסטארעט צו פערשטעהען, אבער האט זעהער וועניג וואס פערשטאנען...

— ר׳ מאנע, הארציגער, וואס מיינט זיא דאס? וויא שרייבט זיא דארטען?

— וואס? פלעגט ער פרעגען, קנייטשענדיג שטארק דעם שטערען.

— אט דאס: „קעספלוטאטע,“ וויא שרייבט זיא דארטען?

פערשטעהט זיך, אז מאנע דער גרויסער כתבן פלעגט מוזען וויסען דיא מיינונג פון דיעזען ווארט. ער פלעגט ניט לאנג טראכטען און גלייך ענטפערען:

— דאס איז אויף זייער, אויף אמעריקא לשון, א קללה, וויא ביי אונז, להבדיל, א מכה אין זייט!...

— ניט דא גערעכט. פיר קיין אידען געדאכט — פלעגט אונטערכאפען באשע — איז וואס שרייבט זיא פארט, הארציגער?

— וואס זאל זיא שרייבען? שילט זיך. דיא גאנצע וועלט שילט זיא. געווארען צו קלוג דארטען...

— וועה איז מיר; וואס טהוט מען? ר׳ מאנע הארציגער, איהר זייט דאך עפעס א איד א חכם: זאגט מיר, וואס איז עס געווארען דארטען מיט מיין חנה׳לען? וואס האט זי צו די גבירים? איז עס איהר דאגה! גוואלד, גוואלד, וואס טראכט זיא זיך דארטען? געוועזען דאך אזא שטילע טייבעלע, מיט אזא גאלדענע הארץ... וואו האט זיא גענומען אט דיא אלע קללות, ניט דא געדאכט?! אוי, ווען איך זאל קענען שרייבען... אז עס הארץ איז וויא א בלינדער, וועה און ווינד איז מיר! שרייבט איהר חאטש אן איהר א גוטען בריעף, הארציגער! מסור׳ט זיא גוט אויס, איהר ווייסט דאך וויא, אייך דארף מען דאך ניט לערנען!...

— איך׳ל אייך זאגען דעם אמת, באשע, אז א גוטען בריעף



האב איך גאר מורא צו שרייבען, אריינפאלען צו איהר אין מויל ווילט זיך מיר אסור....

— וועה איז מיר, וועה איז מיר, אזא שטילע טייבעלע געוועזען!... ר׳ מאנע, ליובינקער, זעהט, פערדיענט א מצוה; האט רחמנות, מוסר׳ט זיא חאטש אויס מיט גוטען!

— נוא — נוא, וואס זאל מען טאהן? איך וועל שוין אנ־שרייבען. וואס גאט וועט געבען דאס וועט זיין....

.3

עס קלינגט אין פאגראמעווקע, עס קאכט אין פאגראמעווקע מיט א נייעס, וואס איז אנגעקומען פון אמעריקא. פון מויל צו מויל, פון הויז צו הויז, פון שוהל צו שוהל טראגט זיך דיא נייעס, אז חנה׳לע באשע־חיה־גיטעלעס האט חתונה געהאט אין „נייארק“ מיט א גוי...

מאנע דערצעהלט, אז פיר איהם איז עס גאר קיין נייעס ניט. פון איהרע בריעף האט ער בעשיינפערליך געזעהען, אז אזא סוף וועט זיא האבען... אז דיא קליפה איז אין איהר, האט מען געקענט בעשיינפערליך זעהען פון איהר שילטען זיך — האט דערצעהלט מאנע פיר דיא פאגראמעווקער בעלי בתים — „עקסור־פטאטע“, „אויסבייטען,“ „אויסקאפיטאלעסען“ — א קאטאוועס, אידען, וואס פאר א ביטערע קללות דאס זיינען? אז קעגען זיי זיינען אפילו דצך עדש באחב ניט ווערטה קיין שמעק טאבאק!“

איין באשע נור האט ניט געוואוסט פון דיעזער בשורה, זיא האט שוין לאנג, לאנג ניט געקראגען קיין ידיעה פון איהר חנה׳לען און זיא האט געוויינט און געקלאגט נאך איהר.

אין דיא קורצע זומער נעכט פלעגט זיא זיצען אויפ׳ן בעט מיט חנה׳לעס בריעף אין דיא הענד און פאר דעם זילבערנעם שיין פון דער לבנה, וועלכע פלעגט אריינקוקען אין פענסטערל פון איהר קאמער, פלעגט זיא דורכזועהען דיא ווייסענקע, בע־שריעבענע בייגעלאך פאפיער און חאטש זיא האט ניט געקענט לעזען, האט זיא געוואוסט דעם אינהאלט פון יעדען בריעף בעזונדער.

„דאָ שרייבּט זיא, אז זיא איז בּשלום אָנגעקומען קיין נייאָרק. דיעזער איז וועגען דיא צעהן רובּעל... אין דעם שילט זיא זיך... אין דעם שילט זיא נאָך שטאַרקער... אין דעם אויך... אָבּער פאר וואָס שילט זיא זיך?... עס מוז דאָך זיין אַ טעם... הפּנים איהר איז גענוג בּיטער אויפ'ן האַרצען, לאָזט זיא אויס דעם כעס צו אבּי וועמען... גלאָט אזוי וועט זיא דאָך ניט שילטען?..

און בּאשע פלעגט אָנשטרענגען דיא אויגען אויף דיא שוואַרצינקע שורה'לעך פונ'ם בּריעף, אַקוראט וויא זיא וואָלט וועלען אויסגעפינען „דעם טעם“, דעם פאר וואָס פון חנה'לעס שילטען זיך, אָבּער זיא האָט נישט געזעהען, זיא האָט ניט געקענט לעזען... „בּלינד, בּלינד — פלעגט זיא שעפּצען מיט האַרצווייטאָג — „ווען איך זאָל קענען לייענען, וואָלט איך שוין אַלעס דערוואוסט!“...

דאָן פלעגען אָננעהמען איהרע מחשבות אַנאַנדער גאַנג. זיא פלעגט זיך דערמאָנען וויעדער, אז פון חנה'לען איז קיין בּריעף שוין אזא לאַנגע צייט ניטאָ.... „איין גאָט וויים, וואָס מיט איהר איז דאָרטען? צו זיא איז געזונד? צו זיא איז, זאָל ער שומר ומציל זיין...“ (זיא האָט מורא געהאַט עס ארויפצולאָזען אויפ'ן מוח) „גאָטעניו — האַרציגער“ — פלעגט זיא שעפּצען און פון איהרע אויגען פלעגען זיך קייקלען טרעהרען — „ווען עס איז חלילה עפּעס בּאשערט דאָרטען מיין חנה'לען אַן אונגליק, זאָל מיר בּעסער אָנקומען. רבּונו של עולם, שטראָף מיך בּעסער פאר איהר... מיין קאָפּ זאָל זיא איבּערלעבּען, מיין קאָפּ!...“

און אזוי בּיז גרויסען טאָג. דאָן ערשט פלעגט דיא אָרעמע צומוטשעטע מאַמע איינשלאָפען...

* * *

פארנאַכט פלעגט זיא זיצען אויפ'ן פּריזשבּע פון שטוּב און וואַרטען אויף דעם פּאָסטאַליאָן, אויף אַ בּריעף פון חנה'לען... און ווען זיא פלעגט פון ווייטען דערזעהען דעם בּריעף־טרעגער, פלעגט דאָס האַרץ אין איהר בּרוסט אָנהויבּען צו קלאַפּען שנעל,



שנעל, העכער און פיס פלעגען איהר נעמען ציטערען און זיא פלעגט זיך מיט דיא אויגען איינעסען אין דעם בּריעף־טרעגערס פּנים...

און ווען דער בּריעף טרעגער פלעגט אַ שאָקעל טהאָן מיט'ן קאָפּ: ניין, פלעגט זיא פיהלען, אז אין מוח טהוט איהר אַ ברען און זיא פלעגט אַראָפּלאָזען דעם קאָפּ און בּלייבּען זיצען, וויא אַ פערגליווערטע...

.4

און איינמאָל — פארנאַכט — ווען דער פּאַסטוך האָט געטריבּען דיא בּהמות פון פעלד, ווען דער הימעל איז אין מיטען געווען קלאָר אין טיעף בּלוי און בּיי דיא זייטען ארומגעלייגט מיט פייערדיגע אוזאָרען, איז געזעסען בּאשע אויפ'ן פּריזשבּע נעבּען הויז און האָט געוואַרט, וויא געוואוינליך, אויפ'ן בּריעף־טרעגער.

פּלוצום האָט זיא איהם דערזעהען און האָט זיך גלייך איינגעגעסען מיט איהרע אויגען אין זיין פּנים.

ער האָט זיא אַ רוף געטהאָן. זיא איז צו איהם צוגעלאָפען, בּלייך, וויא לייווענד, און האָט געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער. ער האָט איהר דערלאַנגט אַ בּריעף פון אַמעריקאַ. זיא האָט אַ כאַפּ געטהאָן זיין האַנד און האָט פון גרוים פרייד, וויינענדיג און לאַכענדיג, גענומען איהר קושען, וויא דיא האַנד פון אַ גוטען מלאך.

דאָן האָט זיא זיך אַוועקגעלאָזען צו מאָנען.

מאָנע — אַ הויכער, דאַרער איד, מיט אַ בּלייכען, שווינדזיכטיגען פּנים, מיט אַ שפּיטציגער קאָלטעוואַטער בּערדעל, מיט געלע פּיאות, פערדרעהטע אין רינגלאך, מיט אַ פערשמאָלצענער יאַרמעלקע אויפ'ן קאָפּ, איז געשטאַנען נעבּען טויער פון זיין ניעדעריגער שטיבּעל, האָט געהאַלטען אַ פּאָלע פון זיין זופּעצע בּיי בּיידע בּרעגעס און געמאַניעט צו זיך זיין ווייסע ציעג, וועלכע איז געשטאַנען אין מיטען גאַס, האָט געקוקט אויף איהם מיט איהרע נאַרישע אויגען און געדרעהט מיט'ן ווידעל.

— דזשיק, דזשיק, דזשיק! האָט ער זיא גערופען, איינ־
בויגענדיג ניעדריג צו ד'ערד דיא פּאָלע.

— מ־מ־מ־ע־ע! האָט געשריען דיא ציעג, דרייהענדיג
מיט'ן ווייִדעל, און האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט....

— ר' מאַנע, ר' מאַנע, עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט,
— איז צו איהם צוגעלאָפען באשע מיט אַ געשריי, — אַ בריעף
פון אַמעריקא, פון חנה'לען בעקומען... עס איז דאָ אַ גאָט, דאָ!

— אַ בריעף פון איהר? — האָט ער געפרעגט פערוואונ־
דערט — וואָס שרייבט זיא?...

- אַט איהר, הארציגער, וועט מיר איבערלייענען....

מאַנע האָט קרום אַ קוק געטהאָן אויפ'ן בריעף, וועלכען
באשע האָט געהאַלטען אין האַנד, און האָט גענומען רופען ווידער
דיא ציעג:

— דזשיק, דזשיק, דזשיק!...

— ר' מאַנע, האָט רחמנות, איך שטאַ־אַרב!

— ווייזט מיר אַ קוק טהאָן.

ער האָט גענומען דעם בריעף און האָט איהם אָנגעפאַנגען
צו בעטראַכטען פון אַלע זייטען.

— וואָס קען זיא שרייבען? — האָט ער אויסגערעדט פאַר
זיך אונטערן נאָז.

— האָט רחמנות, ר' מאַנע, טהייערינקער. קומט אריין
צו מיר אין שטוב און לייענט מיר איבער.

— כ'לעבען, באשע, איהר וואָלט געבעטען אַנאַנדערען.

— ניין, ניין, ר' מאַנע, אַנאַנדערער וועט ניט פערשטעהן
חנה'לעס אַ בריעף... נור איהר אַליין קענט איהרע בריעף פער־
שטעהען.... איהר זייט אַליין אַ גרויסער בעל כתבן...

קענען אַזאַ קאָמפּלימענט קען אונזער בעל מליץ ניט איינ־
שטעהען.

— ווייס איך, קומט, זאָגט ער.

זיי זיינען אריין אין שטוב. מאַנע האָט געעפענט דעם
בריעף. באשע האָט זיך געשטעלט נעגען איהם, האָט אונטערגע־



שפּאַרט מיט איין האַנד דעם קינבאַק און האָט זיך איינגעגעסען
מיט אונגעדולדיגע אויגען אין זיין פּנים.

„ליעבע מוטער — האָט ער גענומען לעזען — איך גלויב,
אז דוא ווייסט שוין וועגען מיין חתונה מיט אַ קר...“

— איך קען ניט — האָט מאַנע אויסגעשריען — אַ מיתה
משונה זאָל זיא דאַרטען איינגעהמען!

— חתונה?... חנה'לע האָט חתונה געהאַט?! וועמען שילט
איהר, ר' מאַנע?! האָט זיא אויסגעשריען צומישט.

— בעגראָבען האָט איהר זיא געמעגט... איך קען ניט
לייענען... רופט וועמען אַנאַנדערען... איך וויל ניט פערדיענען
דיא עבירה!...

— ר' מאַנע, ר' מאַנע. גאָט איז מיט אייך — האָט זיא
אויסגעשריען ניט מיט איהר קול — איהר ווילט מיך הפּנים
משוגע מאַכען, וואָס רעדט איהר אזוינס? וואָס רעדט איהר?
(זיא האָט איהם ליידענשאַפטליך גענומען צופּען פאַר'ן ארבעל)
פאַר וואָס שילט איהר זיא? וואָס פיר אַ שלעכטעס האָט מיין
חנה'לע אייך געטהאָן?....

— אז אויסגעקראַנייעט האָט זיא געמעגט ווערען, האָט
געזאָגט מיט הארץ מאַנע — שרייבט נאָך בריעף! משומד
להכעיס!...

באשע איז געוואָרען בלייך, וויא דער טויט, און האָט גע־
נומען ציטערען.

— וואָס איז עס? — האָט זיא גענומען שרייען — לייענט,
ר' מאַנע, לייענט, איך וויל וויסען! איהר ווייסט עפּעס, הא?
וואָס ווייסט איהר? וואָס איז דאַרטען פיר אַ חתונה?... לייענט,
נו לייענט, ר' מאַנע, ר' מאַנע!...

זיא האָט איהם גענומען שלעפּען פאַר'ן ארבעל און האָט
געקוקט אויף איהם מיט אויסגעקאַטשעטע אויגען: — לייענט,
אז ניט דראַפּע איך אייך אויס דיא אויגען!...

זיא האָט שווער געאָטהעמט און האָט געציטערט מיט'ן
גאַנצען קערפּער.

— וואָס זאָל איך לייענען, די גאַנצע שטאָדט ווייס עס אָהן איהר בריעף — האָט געזאָגט מאָנע.

— וואָס ווייס מען? רעדט! חנה'לע האָט זיך דאָך ניט גע'שמדט, האַ?....

און זאָגענדיג עס, האָט זיא זיך דערשראָקען פאַר איהרע אייגענע ווערטער. „וואָס רעד איך רבונו של עולם?" האָט זיא געטראַכט צומישט און האָט זיך געטרייסעלט מיט'ן גאַנצען קערפּער.

מאָנע האָט געענטפערט אויף איהר פראַגע מיט אַ מאַך מיט'ן קאָפּ.

— וואָס? — האָט זיא ארויסגעשעפּצעט שטיל, אַקוראַט וויא זיא וואָלט מורא געהאַט, אז אימיצער זאָל ניט הערען: — וואָס שאָקעלט איהר מיט'ן קאָפּ? זיא האָט זיך... ר' מאָנע, גזלן, וואָס איהר זייט! — האָט זיא זיך פּלוצים אַ כאַפּ געטהאָן צו איהם מיט אַ ליידענשאַפטליכען יאָמער — קיין הארץ האָט איהר ניט, קיין רחמנות... פאַר וואָס מוטשעט איהר מיך, פאַר וואָס? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך אייך געטהאָן?!...

מאָנע האָט אַ קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס און האָט אַ זיפץ געטהאָן.

— באַשע, זאָלט איהר מיר געזונד זיין — האָט ער ארויסגערעדט מיט אַ שטאַרק בעוועגטער שטימע — וואָס הייסט עפּעס איך מוטשע אייך? ווער עס וויל אייך מוטשען, זאָל אליין גע־מוטשעט ווערען... אדרבה, איך האָב אויף אייך רחמנות, שטאַרק רחמנות... גלויבט מיר, אַ שטיק געזונד קאָסט מיך אָט דאָס אַלעס... ווארום חנה'לע איז ביי מיר געווען ממש, וויא אַן איי־גענע טאָכטער.... און זיא זאָל אָפּטהאָן אַזאַ מעשה?...

ער האָט אָפּגעקעהרט דעם קאָפּ און האָט געזיפצעט....

זיא האָט זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, צוטומעלט, מיט אויסגעגלאָצטע אויגען און מיט אַן אָפענעם מויל, האָט פער־בראָכען די הענד, האָט שטאַרק גענומען מאַכען מיט די ברעמען און האָט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ. אזוי איז זיא גע־



שטאַנען אַ קורצע ווײַלע. דאַן האָט זיא ווידער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט גענומען קוקען מיט בלישצענדע אויגען אויף מאָנען און שמייכלען.

— לייענט — האָט זיא ארויסגערעדט פערשטיקט, צוויי־שען די ציינער, לייענט!...

זיא האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר'ן ארבעל און גענומען צופּען....

ער האָט אָנגעהויבען לעזען:

„ליעבע מוטערקע, איך גלויב, אז דו ווייסט שוין וועגען מיין חתונה מיט אַ קריסט. מוטערקע, מוטערקע, איך ווייס, אז פיר דיר איז עס דער גרעסטער אונגליק... אָבער גלויב מיר, אז איך האָב דיך ליעב ניט וויינינגער וויא פריהער, נאָך מעהרער, טויזענד מאָהל מעהרער... ווען דו וואָלסט וויסען, וויעפיעל געזונד עס קאָסט מיך דיעזער שריט... נו, וויא זאָל איך עס דיר געבען צו פערשטעהען? ווען איך זאָל ארויסנעהמען מיין הארץ און שיקען דיר אַנשטאַט דיעזען בריעף.... מוטערקע, גענוג האָב איך געליטען ביז וואַנען איך האָב ביי זיך גע'פועלט צו הייראַטהען איהם, ווייל איך האָב געוואָלט פערהיטען דיך פון יסורים... גלויב ניט, מוטערקע, אז אַ קריסט איז ניט אזאַ מענש, וויא אַ איד, — אַלע מענשען זיינען ברידער..."

— גענוג! האָט באַשע אונטערבראָכען מאָנען מיט אַ פער־שטיקטען קול און האָט איהם אָפּגעשטעלט פאַר'ן האַנד — גענוג, יוצא... יוצא — האָט זיא געשעפּצעט — פיין דערלעבט, פיין!...

זיא איז אַנשוויעגען געוואָרען און האָט ניעדריג אראָפּ־געלאָזען דעם קאָפּ. פּלוצים האָט זיא זיך צולאַכט מיט אַ שטילען, מערקווירדיגען געלעכטער, ציטערענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער, וויא אַ בלאַט...

— וואָס האָט ער געשוויגען? — האָט זיא אין אַ ווײַלע ארום אַ פּאַטש געטאָהן אין די הענד און האָט אויסגעשריען מיט אַ משוגענער אויפרעגונג: — דאָס איז דאָך זיין טאָכטער אויך!... זיין בת יחידקה אויך!... איך וועל תיינט לויפען אויף'ן

בית עולם, וועל איהם איינרייסען דעם קבר; וואָס מיר אויפ'ן הארצען וועל איך צו איהם אויסלאָזען.... קיין רוה וועט ער ביי מיר ניט האָבען, קיין מנוחה!... וואו איז ער געוועזן, וואו איז מיין משה געוועזן? ווארום איז ער ניט געלאָפען צם כסא הכבוד?!...

זיא האָט פערבראָכען ביידע הענד אויפ'ן קאָפּ און האָט אויסגעקרעכצעט, וויא אַ פערוואונדעטע: — אוי, חנה'לע, חנה'לע!....

מיט איינמאָל האָט זיא אַ כאַפּ געטהאָן מאָנען פאר'ן האנד — ר' מאָנע — האָט זיא אויסגעשריען — ר' מאָנע, דאָס איז דאָך אָבער... ווייזט מיר, וואו זיא שרייבט, אז זיא האָט מיט איהם חתונה געהאַט?...

מאָנע האָט איהר אָנגעוויעזען אויפ'ן אָרט אין בריעף. זיא האָט איהם גענומען אין האַנד, האָט אַ קוק געטהאָן אויף יענע שורה און האָט שטאַרק גענומען פינטלען מיט דיא אויגען, אקוראַט וויא יענע שווארצינקע שורה'לע, וועלכע זיא האָט ניט געקענט לעזען, איז געוועזן פול מיט שארפע נאָדלען, וואָס האָבען זיך אריינגעשטאָכען אין איהרע אויגען... דאַן האָט זיא ארויס־געלאָזען דעם בריעף פון האַנד, האָט פערגלאָצט דיא אויגען צום באַלקען און האָט ארויסגערעדט:

— גאָט, דוא ביזט גערעכט, און דיין משפט איז גערעכט!

און זיא האָט ווידער אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ.

דאַן האָבען איהרע אויגען גענומען לויפען איבער איהר קאָפּטע און פלוצים האָט זיא מיט אַ האַנד אַ ריעס געטהאָן דיא קאָפּטע ביים בוזים....

— ברוך דין אמת! האָט זיא לאַנגזאַם ארויסגערעדט מיט אַ דומפּפען קול, האָט זיך געזעצט אויפ'ן פּאָדלאָגע, האָט ארומגענומען דיא קניע מיט ביידע הענד און האָט אראָפּגע־לאָזט ניעדריג, זעהר ניעדריג דעם קאָפּ....

# אַננאַ'ס מה נשתנה.

„דאָס איז דאָך אַ מאָדנע זאַך — מאכט צו מיר מיינע אַ לאַנדסמיידעל, אַ אינטעליגענטע ארבייטערין — דאָס איז דאָך אַ מאָדנע זאַך, וואָס יעדען ערב יום טוב, איבערהויפּט ערב פסח, פיהל איך זיך אַזוי עלענד... עפּעס דערפיהל איך אין הארצען אַזאַ וויסטעניש, אַזאַ פּוסטקייט... מיין צימער, דאַכט זיך מיר דאַן, איז אַ פינסטערע טיורמע און עס ביינקט זיך און עס דיינקט זיך, און עס דערמאָנט זיך אָן פיעלעס... וויא זאָל איך עס אייך ארויסגעבען?

„נו, איהר ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט פרום, אז איך האַלט ניט פון דיעזע אַלע זאַכען, ניט פון דער הגדה, ניט פון דעם וויין, ניט פון דיא קניידלאַך, און פון דיא מכות אודאַי ניט... און דאָך — קענט איהר מיר ניט זאָגען, ווארום דאָס איז? מיר דאַכט זיך, אַז וואַרפענדיג דיא אַלע זאַכען: דעם סדר מיט דיא וויין און מיט דיא קניידלאַך, האָבען זיך דיא מכות אָפּגעשטעלט ביי מיר אין הארצען....

„איהר לאַכט? איהר מיינט, אַז איך שפּאַס? אָבער איך פערזיכער אייך, אַז איך מיין דאָס ערנסט... פיעלייכט קומט עס דערפאַר, ווייל איך בין דאָ אַליין, עלענד, אָהן עלטערן און אָהן ברידער און שוועסטער... פיעלייכט דערפאַר, ווייל איך בין, מעגליך, נאָך ניט אין גאַנצען פריי פון דער פרומער ערציהונג, וואָס איך האָב געקראָגען ביי מיינע פרומע עלטערן, און פיליייכט דערפאַר, ווייל מיין אונצופריעדענער „איך“ ביינקט נאָך יענע

יונגע, גליקליכע יאהרען מיינע, וועלכע האבען זיך דארט אב־געשטעלט, פרייהענדיג זיך מיט דער מצה, מיט דעם מעד, מיט דעם וויין און מיט'ן גאנצען יום טוב, — פיעלייכט, איך קען אייך בעשטימט ניט זאגען דיא אורזאכע פון דעם; אבער אז איך פיהל, אז מיר פעהלט עפעס, וואס איך האב פערלארען, דאס קען איך אייך זאגען בעשטימט....

„אום צו געבען אייך א קליינעם בעגריעף פון דעם, וואס איך פיהל אין אזא צייט, וועל איך אייך דערציילען, וואס איך האב געפיהלט לעצטען ערב פסח...

„נאך אין דער פריה, זיצענדיג אין שאפ ביי דער מאשין, האב איך דערפיהלט, אז מיר ווערט פלוצים אונמוטהיג, טרויעריג און מיר האט זיך געדאכט, אז אלע מיידלאך אין שאפ פיהלען דאס זעלבע, וואס איך, אז אפילו דיא מאשינען קלאפען היינט טרויעריגער וויא געוואוינליך....

„ווען א מיידעל האט א לאך געטהאן, האב איך געטראכט: „אט דאס איז א אידיאט. פערשטעהט ניט איהר טרויעריגע לאגע." ווען איך וואלט זעהען דאן ביי אלע אידישע ארבייטערי־נען טרעהרען אויף דיא אויגען, וואלט עס מיך גאר ניט געוואונ־דערט... מיר האט זיך געדאכט, אז יעדע פון זיי איז עלענד, טראכט אין דיעזער מינוט אודאי: „אין דער היים וואלטען מיר היינט קיינער ניט געארבייט אין די שעפער... אין דער היים שטויסט מען יעצט מצה, מען קאשערט, שייערט, מען פליקט דעם אינדיק, מען גיעסט דעם וויין אין דיא גראפינעס... מען מעסט אן דיא נייע קליידער, וואס דער שניידער האט גע־בראכט..."

„יא, דאס, האט זיך מיר געדאכט, מוזען זיי אלע טראכ־טען, דען איך האב אזוי געטראכט.

„און ווען איך האב ביי זיך דאן געפרעגט, וואס איז מיין עסק צו דיעזע אלע צערמאניעס, צו דיעזען יום טוב, צו דיעזען פסח, — גלויב איך דען אין איהם? „נארישקייטען, דומהייטען"... האט מיר געענטפערט דער פערשטאנד... „אוי, וויא טרויעריג,



וויא עס דריקט, דריקט!" האט אין דערזעלבער צייט געקרעכצעט עפעס א שטימע ערגעץ טיעף אין מיר אינווענינ....

„קינדערייען!" האט גערעדט דער פערשטאנד. „וואס פיר א טיעפער עלענד!" האט העכער געקרעכצעט דיא נשמה אין מיר....

„ווען ד ע ר וואלט וויסען, ווען י ע נ ע ר וואלט עס וויסען, איז מיר דורך אין געדאנקען, — וויא וואלטען זיי פון דיר געלאכט, וואס פאר א מיינונג וואלטען זיי געקראגען איבער דיין זאגע־נאנטע אינטעליגענץ און פרייגעזאנענהייט?"

„וועה, וויא עס בענקט זיך, וויא עס איז אונמוטהיג! האט געענטפערט דיא קרעכצענדיגע שטימע.

„און דיעזע שטימע האט אריבערגעשריען אלע און האט גענומען שטעלען פראגען:

„וואלט ניט געוועזן בעסער, וואלסטו זיך ניט געפיהלט גליקליכער, ווען דוא וואלסט געהאלטען פון פסח?... וואס האט דיר דיין פרייגעזאנענהייט געגעבען אנשטאט דעם? זיינען דיינע עלטערען ניט גליקליכער, ווען זיי ווייסען ניט פון קיינע הויכע אידעען און טהוען דאס, וואס זייערע עלטערען האבען געטהאן? קענסטו עפעס פערגלייכען צו זייער תענוג יום טוב?"

„דיא הונגעריגע בהמה פיהלט זיך נאך גליקליכער, קיי־ענדיג פרישע הייה... א מענש איז אבער ניט קיין בהמה, מוז האבען אידעאלען, וועלכע דארפען זיך ניט אויסדריקען אין א מאל עסען גוט, אדער טרינקען וויין, אדער אנטאהן א נייעם בגד" — האט זיך דערהערט א נייע שטימע פון א נאהענטען ווינקעלע.

„דער אידעאל פון עסען גוט און טרינקען גוט איז א גרוי־סער אידעאל — האט זיך ארייגעמישט דער פערשטאנד — דאס איז דער אידעאל פון אלע אידעאלען... אבער דוא בייגקסט דאך ניט נאך דעם גוט עסען און טרינקען: דיא מצה און דעם וויין און דיא קניידלאך האסטו דא דאך אויך געקענט קריגען פיר געלד, אפילו ביי דיא מיסעס..."

„אך, וויא עס איז אונמוטהיג!...“ האט געשריען דיא קרעכצענדיגע שטימע.

„ איך דערצייל עס אייך אין אזא פארמע — האט פארטגעזעצט מיין לאנדסמיידעל — ניט אום צו ווייזען מיין בערעדזאמקייט, נור ווייל מיר דאכט זיך, אז אזוי וועל איך בעסער אויסדריקען דאס וואס איך האב דאן געפיהלט און געדיינקט...

אהיים בין איך געקומען שפעט... איך האב מיט א כיון ארומגעשפאצירט איבער איסט בראדוויי, אום וויניגער צו בלייבען אליין אין מיין צימער... ביי מיין מיסים האט מען שוין באלד געהאלטען ביים ענדיגען דעם סדר... אין צימער, וואו מען האט געפראוועט דעם סדר איז געוועזן ליכטיג. דיא מיסים מיט איהר מיסטער, מיט זייערע קינדער זיינען געזעסען ארום א טיש, וועלכער איז געוועזן אויסגעפוצט יום טוב'דיג.

„איך בין אריין אין מיין צימער, און ניט אנצינדענדיג דיא גאז האב איך זיך געזעצט ביים פענסטער און האב ארויסגעקוקט אין דרויסען. דארט. אויף יענעם זייט גאס, אהינטער א רויטער טענעמענט הויז, האט ארויסגעשוואומען א ליכטיגע זילבערנע לבנה. און דא האט זיך מיר ניט ווילענדיג פארגעשטעלט דיא לבנה ביי אונז אין דער היים, און דאס הארץ אין מיין ברוסט האט גענומען ציהען, ציהען... און עפעס האט דארט גענומען ווייגען און יאמערען... אט איז אונזער שמיעדעשע גאס... אט איז אונזער הויז... אין דיא פענסטער איז העל און ליכטיג... און אט שטייט אין אונזער „פערטעל“ א יונגע מיידעל אין א ווייסע קלייד מיט א לאנגען שווארצען צאפ, איך אליין... און אט זיינען דיא קוזשנעס.... איוואן שטעהט און בלאזט... א בלוילין־רויטער פייער הייבט זיך און לאזט זיך אראפ... פייערדיגע פונקען פליהען דורך'ן קוימען... און אט איז קאשטיושקעס גארטען מיט דיא שווארצע בוימער, וועלכע שטעהען נאך יעצט נאקעט, אהן בלעטער... און איבער דאס אלעס היינגט אראפ אונזער בלויער, שיינער, אונזער היימישער הימעל, וויא א גרויסע יארמאלקע, און



אין דיעזער יארמאלקע שווימט ארום, וויא דורך א זילבערנעם טומאן, אונזער לבנה...

„איך האב צוגעמאכט דיא אויגען.. מיר האט זיך אזוי נעוואלט דאן פערגעסען אן אלעס, אלעס, וואס עס איז נור ניט — דארט....

„אט איז א גרויסער ליכטיגער זאל, אויסגעשטעלט מיט א לאנגען, לאנגען טיש... אויף איהם זיינען אנגעשטעלט זילבערנע און בעגאלדעטע בעכערס מיט ווייז... אויבען אן אויף א הויכער היסב־בעט זיצט מיין פאטער אין א ווייסען קיטעל... זיין פנים שטראהלט מיט גדולה פון א'ן אמת'ן קעניג.... פון דער רעכטער האנד זיצט מיין מוטער, אויך א גליקליכע, אויסגעפוצט יום־טוב'דיג אין איהרע פעריל, אין דיא בלישצענדע אוירינגען, אין א נייעם צעפיק מיט א רויטען „האהן“.... אין איהרע אויגען, מיט וועלכע זיא קוקט אויפ'ן פאטער און אויף אונז אלעמען, קען מען לעזען: „גאט זאל מיך מזכה זיין אויף איבער א יאהר מיט מיין מאן און קינדערלאך צו זיצען ביי'ם סדר...“

„אימיצער האט מיך אנגעריהרט פאר'ן פלייצע. איך האב זיך דערשראקען א קעהר געטהאן, ערשט — מיין מיסעס....

— וואס זיצט איהר עפעס, אננא, אין דער פינסטער? — האט זיא מיך געפרעגט — איהר פיהלט זיך עפעס ניט גוט? קומט צום טיש... מיר וועלען אסור דערפאר אייך עפעס „טשארזענען“.

— איך דאנק אייך, ביילע; ווען איך וואלט וועלען גיין צו אייך צום טיש, וואלט מיך אסור געארט דאס געלד, אדרבה...

— נו, זאגט אליין, אננא, איז דאס א לעבען? אז פון יום טוב ווייס מען ניט, פון שבת וויים מען ניט... איך רייד שוין ניט פון פרומקייט... איך רייד אזוי: צו א גוט־שטיקעל אנגעפילטע פיש צו אביסעלע וויין, צו דארטען א קניידעלע, א פעטינקע, צו א גוט ביסעל ווייגענדיגע ראסעל, צו מאלע וואס... וועה, וועה, וויא אזוי קען גאר א מענש זיך אפזאגען פון יום טובים!...

— אך ביילע, ניט דער ווייז און ניט אלע אייערע גוטע

זאַכען קען מיר געבען דאָס, וואָס מיר פעהלט... עס איז מיר שרעקליך אונמוטהיג...

— פאַר וואָס?

איך האָב דאָס איהר ניט געקענט געבען צו פערשטעהן, און טרערען האָבען מיך גענומען שטיקען.

ניט אמת — האָט געענדיגט מיין לאַנדסמיידעל — דאָס איז דאָך איין מאָדנע זאַך, וואָס דוקא ערב יום טוב פיהל איך אזוי עלענד. פאַר וואָס איז עס אזוי.... מה נשתנה?"....



# אַמעריקע ממזר.

עס האָט זיך גאָר ניט געגלויבט דעם אַלטען שוסטער משה בער, אז זיין אַלטינקע, חוה, זאָל איהם פלוצים אָבטהאָן אזא מעשה...

פערלאָזען איהם גאָר אין גאַנצען... אין גאַנצען אויף דיא עלטערע יאָהרען?!... ניט קענען איהר מעהר זאָגען: „חוה, פיל אָן היינט אַ קישקע צו וואַרעמעס, וויא איך האָב ליעב." אָדער: „חוה, אוי, מיר ברעכען דיא ביינער... מאַך דיא בעט און רייב מיר אוים דעם רוקען מיט קאַנפער־אויל..." צו גאָר: אז דיא קליינע אידישע „לויפערס" פון דעם אַרומיגען געגענד וועלען בעפאַלען זיין וואוינונג, דעם קעלער־שטוב אויף לודלאָוו סטריט, בשעת ער לאַטעט דיא שיך, מיט אַ געשריי: „ווהיסקים, זש־ש־ש.." זאָל ער זיך ניט קענען אַ בייזער טהאָן, וויא געוואוינליך: „חוה, אַ בראָך צו דיר, וואו ביזטו דאָרטען מיט'ן שטעקען? דערלאַנג דאָרטען דיא לויפערס!"... וויא איז עס מעגליך? וויא קען עס זיין?

פופציג יאָהר אָבגעלעבט מיט איהר, וויא דיא טייבעלעך. געהאט מיט איהר קינדערלעך, אויפגעהאָדעוועט זיי, געטאַנצט מיט איהר צו זייערע חתונות, געוויינט מיט איהר צו זייערע לויות... גע־קומען צוזאמען מיט צוועלף יאָהר צוריק צו זייער טאָכטער קיין „נייאָרק." ביידע גלייך ניט געקענט הויזען ניט מיט זייער טאָכטער און ניט מיט זייער איידעם, מחמת זייער ניט־פרומקייט... ביי־דע גלייך געביינקט נאָך זייער געבורטשטאָדט, סמאַרגאָן, ביידע גלייך געפיהלט דעם שמערץ, וואָס אין דער היים איז

משה בער געווען משה בער, א שוסטער צו לייטען גלייך, געגנייהט פיר דיא שעהנסטע בעלי בתים אי שטיוועל, אי שטיוועלעטען — צאצקעס פון דעם בעסטען לעדער, און דא אין „נייארק“, קומט איהם נעביך אויס נור צו לאטען לעכער אין אלטע שיך און נאך אין וואס פאר שיך? אין חזיר׳שע אמעריקאנישע, איין דאלארדיגע, וועלכע האבען געמעגט פערברענט ווערען אין חמץ — וויא דער אלטער משה בער פלעגט זאגען מיט וועהטאג אין הארצען — נאך מיט צעהן יאהר פסח קאריק, איידער אימיצער האט גאר אויסגעטראכט דיא אמעריקע, פערברענט זאל זיא ווערען מיט איהרע פאפירענע מלאכות!...“

מיט איין ווארט, וויא איז עס מעגליך, אז דיא זעלבע חוה, מיט וועלכע ער האט אבגעלעבט פונפציג יאהר, וויא איין גוף מיט איין נשמה, ניט טראכטענדיג גאר קיין מאל פון אזא זאך, זאל פלוצים, מיט איין מאל...

וויא? וואס, ווען? וויא אזוי? דער בויך האט איהר דריי מעת־לעת וועה געטהאן!

וועה, וועה, אמעריקע, א קלאג צו איהר! אין דער היים כאפט אויף אן אמאל בויכוועהטאג, טהוט מען דאס, יענעס, אלץ היימישע סגולות און עס העלפט טאקי... דיא דאקטוירים דארף מען דארטען אויף כפרות... און דא טענה׳ן זיי אלע, ווארום האט מען גלייך ניט געשיקט נאך א דאקטאר!

א דאקטאר צו א געוואוינליכען בויכוועהטאג, אלע קלאגען צו אזא אמעריקע!

און דאך איז עס א ביטערער אמת... חוה פערלאזט איהם טאקי... און אפשר, אז ער וואלט טאקי גערופען גלייך א דאקטאר, וואלט, וואלט....

* * *

אין דיעזער צייט פאהרט צו צום קעלער־שטוב א שווארצער וואגען מיט׳ן טויטען קאסטען.... גלייך דערהערט זיך א הייזעריגער קלאפען פון צדקה פושקעס...



דער אלטער משה בער טהוט זיך א כאפ צושראקען. וויא? שוין?!... אט דא איז זיא געשטארבען און אט זיינען שוין דא דיא ווייבער און מע טהוט איהר אן דיא אייביגע קליידער... און אט איז שוין דא דיא פוהרל אויך! וואס איז עס, רבונו של עולם, שטייטש, מע האט איהר דאך נאך ניט בעקלאגט אפילו וויא געהעריג איז! אפילו קיין ריכטיגען אידישען קרעכץ האט נאך קיינער נאך איהר ניט ארויסגעלאזען, ניט וואס עפיס א רעכטען געוויין... וואס איז דא: א פגר צו א מת? וואו זיינען דיא טרערען, וואו זיינען דיא קרעכצען, וואו איז דער ביטערער, אמת אידישער געוויין?! וואס שווייגט עפיס זיין טאכטער זלאטע? וואו איז זיא?!

ער קוקט זיך אום, ער זעהט זיא שטעהענדיג צווישען עטליכע אנדערע ווייבער, אנגעטהאן אין א הוט מיט פעדערען, און דריקענדיג א ווייסע טיכעל צו דיא אויגען.

און ער ווערט פערצווייפעלט קוקענדיג אויף איהר...

„אט אזוי בעוויינט זיא עס איהר אלטע מאמע — טראכט ער מיט א וועהטאג אין הארצען — אנגעטהאן וויא א פריצעטע און וויינט אויך, וויא א פריצעטע, אין דער ווייסער פאטשיילקעלע, אין דער ווייסער...“

ער פערקלעמט דיא ציינער פון אויפרעגונג און וועהטאג... אין דער היים —טראכט ער — אין סמארגאן, וואלט ער איהר פאר אזא מעשה צופלעט דעם קאפ מיט א קאפיל, דא אבער אין אמעריקע...

ער געהט צו צו איהר.

— טאכטער מיינע, רעדט ער ארויס מיט א הייזעריגע אויפגערעגטע שטימע און זיינע ליפען ציטערען, און זיינע אלטע, אויסגעלאשענע אויגען פינטלען, אזוי ווי מען וואלט זיי געשטאכען מיט נאדלען: — טאכטער מיינע, ווייסטו כאטש, ווער עס איז געשטארבען?

ער ווייזט מיט׳ן האנד אויפ׳ן בר מנן, וואס ליגט אויפ׳ן פאל, איבערגעדעקט מיט א שווארצען געוואנד, קוקט אויף זיין

טאכטער און פון זיינע אויגען קייקלען זיך טרערען, קייקלען זיך און נעצען זיין לאנגע ווייסע בארד....

זיין טאכטער לאזט ארונטער דעם קאפ, בייסט דיא ליפען, סאפעט מיט'ן נאז און דריקט שטארקער דיא ווייסע טיכעל צו איהרע אויגען...

פלוצים טהוט ער א געשריי אויף איהר מיט א יאמער, אין וועלכען עס פיהלט זיך א טיעפער, טיעפער וועהטאג:

— זלאטע, אזוי בעקלאגסטו דיין אייגענע מאמען? דאס איז גע'מלאכה'ט און ניט געארבייט, א רוח אין דיין טאטען אריין! א קול זשאלעוועט זיא אויפצוהויבען נאך איהר טויטע מאמען, א בראך צו איהר!

און ער צו־וויינט זיך ליידענשאפטליך אויפ'ן קול.

* * *

עטליכע אידען מיט'ן טויטען־קאסטען לויפען אריין אין קעלער־שטוב פערהאוועט וויא צו א שרפה, טהוען זיך אווארף צום בר מנן אוןווארפען אריין דיא טויטע אין קאסטען... ביים ווארפען שלאגט זיך אן איהר קאפ מיט א דומפפען קלאפ אן דעם הילצערנעם צוקאפענס פון קאסטען...

און אז דער אלטער משה בער דערהערט דיעזען דומפפען קלאפ, טהוט ער זיך א טרייסעל מיט'ן גאנצען קערפער און קוקט אן א ווייל[e] דיא אידען, וואס שטעהען ארום דעם טויטען קאסטען, מיט גרויסע, צושראקענע, גלעזערנע אויגען. דאן טהוט ער זיך א ווארף צו זיי, בלייך וויא לייוואנד, און רעדט ארויס מיט א שטילען, רחמנות'דיגען קול, אקוראט, וויא ער האט מורא אויפצו־וועקען זיין חוה'ן, און עס ווארפט איהם דערביי הענד און פיס:

„גזלנים, וואס שליידערט איהר זיך אזוי מיט איהר? זיא איז דאך א אידישע טאכטער, א קלאג צו מיר! א עהרליכע אידענע, זעהר א עהרליכע... אזוינע, וויא זיא, זיינען ניט פיעל פערבליעבען אין אמעריקא! א קלאג צו איהר, א בראך צו איהר, צו אזא אמעריקע! — האט ער פלוצים אויסגעשריען מיט א ליידענשאפטליכען יאמער, האט א פאטש געטהאן אין ביידע הענד,



זיך געווארפען אויפ'ן טויטען קאסטען און גענומען טענה'ן אויפ'ן קול מיט א יאמער:

— אוי, חוה, וואס זאל מען טהאן? מסתמא אזוי באשערט פון גאט! א גוטע בעטערין זאלסטו דארטען זיין, אין דערהיים וואלסטו אודאי געהאט א שעהנערע לויה... ווייל דארטען האט מען דיך געקענט, אז דוא ביזט טאקי א צדקניות פון אן אשה, דערפאר וואלט מען דיך אודאי בכבוד גדול מקבר געווען... דא איז אבער, וועה איז מיר, הפקר פעטרישקע.... א מאמע איז קיין מאמע ניט, א איד איז קיין איד ניט... א טרעהר איז טהייער, וויא א רענדיל... לאם איך דיך כאטש בעוויינען, וויא עס בעדארף צו זיין! חוה, פונפציג יאהר ביזטו געווען מיין חבר'טע, ניט איין מאל האסטו פון מיר געקראגען מיט'ן קאפיל... זיי מיר מוחל... און ווארום האסטו ניט געווארט נאך א יאהר, אפשר וואלט איך מיט דיר אין איינעם געגאנגען!...

ביי דיעזע ווערטער האט זיך אויפגעהויבען א יללה פון דיא ארומיגע ווייבער. זלאטע, משה בער'ס טאכטער, האט אויך גענומען וויינען אויפ'ן קול.

און דיעזע יללה פון דיא ווייבער האט נאך מעהר צו־ווארעמט דעם אלטען משה בער'ן און ער האט יעצט געוויינט מיט נאך מעהר ליידענשאפט:

— חוה, דוא הערסט, הא? אט אצינדער וויינען זיי, אז מע האלט דיך ביים ארויסטראגען, און פריהער, אז דוא ביזט געלעגען און האכט געווארט אויף א טרער, אויף א וויינענדיגען קול האבען זיי געריבען דיא אויגען מיט דיא ווייסע פאטשיילקעלעך!...

— גענוג, מיסטער, האט איהם אונטערבראכען איינער פון דיא אידען — האלט אונז ניט אב. מיר האבען קיין צייט ניט...

— ווארט, ווארט נאך אביסעלע — האט דער אלטער משה בער געקלאגט — אידען, איהר זעהט דאך, אז אצינד ערשט איז געקומען דער עיקר; אז אצינד ערשט האט מען זיא ריכטיג גענומען בעקלאגען!

— נעהמט איהם אוועק פון קאסטען! האט איינער פון דיא אידען א געשריי געטהאן.

אימעצער האט איהם מיט געוואלד אבגעריסען פון טויטענקאסטען, ער האט זיך געבארעט מיט אלע קרעפטען און האט געשריען:

— זשוליקעס, קארמאנשציקעס, האט רחמנות, זיא איז געווען אן עהרליכע אידענע... לאזט זיא בעקלאגען... זיא איז מיין ווייב... וואו איז דער האמער?

און ער האט זיך אווארף געטהאן אין ווינקעלע און האט גענומען זוכען דעם האמער....

דעם האמער האט ער ניט געפונען און דערווייל האבען דיא אידען ארויסגעטראגען דעם קאסטען מיט דער טויטער פון שטוב... דאן האט ער זיך צו־וויינט ליידענשאפטליך אויף א דינעם, קינדערשען קול.

— חוה, חוה — האט ער געוויינט — אזא בושה, אזא חרפה... וויא א נבלה דיך אוועקגעשלעפט!...

און ער איז ארויסגעלאפען מיט א געוויין אויפ׳ן גאס און איז געלאפען מיט זיינע אלטע וואנקענדיגע פיס נאך׳ן טויטענוואגען. . . .

* * *

אין א שעהנעם פארנאכט, אין חודש תמוז, צוויי וואכען נאך חוה׳ס טויט, איז דער אלטער משה בער געזעסען אויף זיין ארבייטס ביינקעל אין קעלער־שטוב און האט מיט התמדה בעטראכט א פאאר אלטע שיך, וואס א קונד האט איהם ניט לאנג אריינגעטראגען צו פערריכטען...

א גאנצען טאג האט דיא זון שטארק געברענט און יעטצט האט דיא לופט אין לודלאוו סטריט געשטיקט און געביסען אין נאז און אין האלז, וויא צו־ווארעמטע שמעק־טאבאק.... אין קעלער־שטוב ביי דעם אלטען משה בער׳ן איז דיא טיר צום גאס געווען אפען און פון דרויסען האט זיך געטראגען אהין א ווילדער



טומעל פון דיא קינדער, וואס האבען זיך געשפיעלט ניט וויט דארט ארום...

דער אלטער משה בער האט געהאלטען דיא אלטע שיך אין דיא הענד און האט זיי בעטראכט פון אלע זייטען. און וואס לענגער ער האט זיי בעטראכט, אלץ מילדער, אלץ ווייכער איז געווארען זיין בליק אונטער דיא ברילען, אלץ לעבעדיגער, אלץ פרעהליכער איז געווארען זיין פנים מיט דער לאנגער ווייסער בארד.

— אוי, אוי, אוי, היימעשע שיך! — האט ער געשעפצעט מיט א צערטליכקייט, שמייכלענדיג גליקלאך: — ארבייט אביסעל, לעדער אביסעל! אוי, אוי, א מחיה צו האלטען אין האנד, א פקוח נפש צו קוקען. דיא מלאכה פון א ריכטיגען שוסטער... מיין מלאכה, דוכט זיך, וואלט איך שווערען! אוי, אוי, — האט ער געשעפצעט הינגעריסען צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ — האמבורגער לעדער... ריכטיגע זאגאטאוועקעס... פש־פש־פש־ש!... חוה, קום אקארשט אהער איך וועל דיר עפעס ווייזען... דוא געהסט, חוה?....

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. זיין התפעלות׳דיגער קול האט אפגעקלונגען אזוי מאדנע אין קעלער־שטוב, עפעס וויא אין א וויסטעניס....

— חוה?...

ער האט פערוואונדערט אויפגעהויבען דעם קאפ, האט ארויפגערוקט דיא ברילען אויפ׳ן שטערען און האט מיט דיא אויגען גענומען זוכען ארום זיך חוה׳ן. און אז ער האט דערזעהען דיא אנגעווארפענע קישענס און קאלדרעס אויפ׳ן בעט, דיא אונארדנונג ארום אין שטוב, האט ער זיך ערשט דערמאנט, אז זיין חוה איז שוין מעהר ניטא... און אין זיינע אויגען, וואס זיינען געווארען אלץ גרעסער און גרעסער, האבען זיך אפגעמאלט פערוואונדערונג, שרעק און וועהטאג...

* * *

אין דיעזער צייט זיינען עטליכע אידישע באיעס בעפאלען

דעם קעלער־שטוב מיט אַ ווילדען געשריי: „וואַהיסקירס, זש־ש!...

איין פּרעכער בּאָי איז אַרונטערגעלאָפען אין קעלער־שטוב, האָט זיך געשטעלט בּיים טיר און האָט זיך גענומען רייצען מיט דעם אַלטען משה בּער'ן, אַרויסשטעלענדיג איהם דעם צונג, לאַכענדיג איהם אין פּנים און דרעהענדיג דיא הענד אַרום מאָרדע מיט אַ געשריי: „זש־ש־ש, וואַהיסקירס!...“

אַ ווײַלע האָט איהם דער אַלטער משה בּער אָנגעקוקט צוטומעלט, אַקוראַט וויא ער וואָלט ניט פערשטאַנען, וואָס וויל פון איהם דער בּאָי. דאַן האָט ער זיך שטיל צולאַכט מיט אַ היס־טערישען געלעכטער.

— וואַהיסקירס, זש־ש־ש! — האָט ער נאָכגעמאַכט דעם בּאָי, לאַכענדיג מיט גאַל און קוקענדיג אויף איהם מיט האַס: — וואַהיס־קירס!... כאַ, כאַ, כאַ... אַמעריקאַ איז אַ נייע קאָנטרע, אַ פיין קאָנ־טרע, אַ פוירסט קלעם קאָנטרע, האַ, ממזר'ל? אַמעריקע —האָט ער זיך פּלוצים אַ כאַפּ געטהאָן פון בּיינקעל מיט אַ בּייזען גע־שריי: — אַמעריקע־ממזר!...

און האָט אַ שמיץ געטהאָן מיט איינעם פון דיא היימישע שיך נאָך'ן פּרעכען בּאָי...



# דזשעני'ס כל נדרי.

פאַרנאַכט, ערב יום כּפור....

זיא זיצט נעבּען פענסטער אין אַ ווייסען ראַפּער, דעם קאָפּ אַרויסגעשטעלט פון צווישען דיא פאַנאַנדער געדרוקטע פּאָר־האַנגען אין דרויסען. דיא קראָמען אין עללען סטריט זיינען צו־געשלאָסען. יום כּפור: דער עולם האָט מורא פיר דער שוואַרצער חתימה.... שוואַרצע שאָטענס, צושפּרייטען זיך אַרום און אַרום — אין דרויסען ווערט דונקעל, פינסטערלאַך.

אַנטקעגען איהר פענסטער, אויף דעם אַנדערן זייט גאַס, שטעהט אַ גרויסע געמויערטע, גרויע געבּיידע. דיא געבּיידע איז אַ אידישער בּית המדרש. אַהינצו לויפען איצט אידען, אויס־געפּוצט יום־טוב'דיג, אי עלטערע, אי יונגערע, אי פרויען, אי קינ־דער, בּעטען גאָט...

זיא קוקט אויף דיא אידען מיט אומטהיגע, פערטראַכ־טע אויגען. פּלוצים האָט זיא דערשראָקען אַ כאַפּ געטהאָן דעם קאָפּ צוריק, האָט פאַרשטעלט דעם פּנים מיט'ן פאָרהאַנג און איז אזוי געבּליעבּען זיצען אַ צייט לאַנג מיט צוגעמאַכטע אויגען.

דער צימער איז געוועזן בּעלויכטען מיט אַ גאַז בּרענער. אויף אַ זאָפע נעבּען וואַנד איז געלעגען אַ דיקע פרוי אין אַ ראַפּער, מיט אַ פעטען פּנים, וואָס האָט געהאַט דעם אויסדרוק פון אַ מאָפּס, מיט קליינציקע אויגעלאַך, פערגאָסענע מיט פעטס, און מיט צופלאָנטערטע, קורץ געשאָרענע, שוואַרצע האָאר אויפ'ן קאָפּ.

זיא איז געלעגען אויפ'ן רוקען, האט געפיהלט א פוילקייט אין יעדען אבר און האט זיך געחיות'ט. איין האנד האט זיא געהאלטען פארלייגט אהינטער'ן נאקען, דיא צווייטע אראבגעהאנגען פון זאפע מיט דיא פינגער אראב... זיא האט געזשמורעט דיא אויגען, וויא א קאץ, אויף דער פרוי, וואס איז געזעסען בייס פענסטער, און האט געשוויגען.

אין א ווײלע ארום האט דיא פרוי ביים פענסטער זיך א הייב געטהאן, האט מיט א נערוועזער בעוועגונג אבגערוקט דעם פארהאנג, האט ארויסגערוקט דעם קאפ דורך'ן פענסטער און האט א קוק געטהאן אויפ'ן בית המדרש — אלע זיינען שוין געווען אינעווייניג. איהרע אויגען האבען גענומען בלאנדזשען אויף אלע זייטען און זוכען....

דער עלעקטרישער שיין פון דרויסען האט אבגעשלאגען אויף איהר פנים: דיא באקען זיינען געווען בעדעקט מיט פודרע און פארב, דיא ליפען קינסטליך רויט, און פון אונטער דיא געפארבטע ברעמען און ווימפערן האבען ארויסגעבלישצעט דונקעלע אויגען.

זיא האט דערזעהען א פערבייגעהער, וועלכער האט זיך אבגעשטעלט ניט ווייט פון איהר הויז. איהר פנים האט גלייך אנגענומען א פרעכען אויסדרוק; דיא אויגען האבען זיך גענומען בעוועגען שנעל און שפיעלען, אויף דיא ליפען האט גענומען שפיעלען א געוואוינטער פערפיהרערישער שמייכעל.

—ס—צ! ס—צ!.... האט זיא איהם גערופען.

ער האט זיך אומגעקוקט און איז אוועק...

— דזשעני, דזשעני, האט פלוצים זיך דערהערט פון הינטען א פוילער, הייזעריגער קול פון דער דיקער פרוי, — גייט אימיצער?

— אוועק! האט דזשעני געענטפערט מיט א פערשטיקטען קול.

— דזשעני, דזשעני, האט זיא ווידער גערופען דיא דיקע פרוי.



דזשעני האט זיך אומגעקוקט אויף איהר מיט אונגעדולד.

— וואס?

— כי, כי, כי! האט גענומען לאכען דיא דיקע פרוי, שווער סאפענדיג, און איהרע אויגלעך זיינען דערביי אין גאנצען פערשוואומען מיט פעטס. — כי, כי, כי!... דיא העכט ציטערן היינט... יום כפור... מען חתמ'ט... כי, כי, כי! באלד הערען מיר א קאנצערט דא פון שוהל... אי, אי, — האט זיא אויסגעזונגען — בים בים, באם, באם... שאלעמען אייזעק!... אי, טאטעלע — פאטערל, געוואלד!

דיא לעצטע ווערטער האט זיא אויסגעזונגען מיט א הייזעריגען קוויטש און זיא האט זיך דערביי אזוי צולאכט, אז איהר האט גענומען שטיקען א הוסט און זיא האט זיך געמוזט זעצען.

דזשעני האט געקוקט אויף איהר מיט אונגעדולד, האט א קוועטש געטהאן מיט דיא פלייצעס, האט שווייגענדיג זיך געזעצט אויף א שטוהל ביים זייט פון פענסטער מיט'ן רוקען צו איהר חבר'טע און האט נערוועז גענומען קלאפען מיט דיא פינגער אן דער ווענטעל פון שטוהל.

— דוא ביזט ניט צופריעדען, דזשעני? האט גערעדט וויידער דיא דיקע פרוי, אפכאפענדיג דעם אטהעם און אראפלאזענדיג דיא דיקע הענד אויפ"ן שויס. — און איך קעהר ניט... איבערמארגען איז שוין אויס חתמ'נען, שאלעמען אייזעק וועט זיך שוין מעהר ניט שרעקען... עס קומען אן פרייליכע יום טובים... סוכות, שמחת תורה... זאג מיר נור, דזשעני, האסט דאך א מאל געהאט א טאטע־מאמע, האט מען ביי אייך אין דער היים אויך געזונגען שמחת תורה אט דאס: ריטא־איירא, ריטא־טירא!

זיא האט עס פריילאך אויסגעזונגען, האט צוגעקלאפט מיט'ן פוס צום טאקט און האט זיך ווידער פאנאנדער געלאכט.

— שאראפ! האט דזשעני פלוצלונג אויסגעשריען מיט אן אויפגערעגטען קול און האט מיט בלישצענדע אויגען א קוק געטהאן אויף איהר חבר'טע, — שאראפ! זיי זאלסטו ניט דערמאנען מיט דיין שמוציגען מויל... זיי זיינען ניט דיין גלייכען.

אָרענטליכע מענשען זיינען זיי געוועזען, אָנשטענדיגע, דערמאָן דאָ ניט זייער נאָמען.

דיא דיקע פרוי האָט זיך אַ הייב געטהאָן פון זאָפע, האָט זיך קאָמיש פאַרנייגט פאַר דזשעניין און האָט אַ שאַר געטאָהן מיט'ן פוס.

— מיין גרעפינע, האָט זיא ארויסגערעדט מיט אַ איראָניע, שטיקענדיג אין זיך דעם געלעכטער, — מיין גרעפינע, איך האָב גאָר פערגעסען, אז אייער פאָטער איז געוועזען אַ גראַף און ניט קיין שאָלעמען אייזעק... איך מוז אייך זאָגען, אז מיין פאָטער איז אויך ניט געוועזען אבי ווער. אמת, ניט קיין גראַף פאָטאָצקי, אָבער ר' איצעלע חנה בעריל'ס איז ער דאָך געוועזען. יאָ!...

זיא האָט אַ מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּ, האָט אויסגעגלייכט איהרע דיקע פּלייצעס, האָט פאַרריסען דיא אויגען אויף דזשעניין און האָט געקוקט אויף איהר מיט שטאָלץ. נאָך אַ קליין שווייגען האָט זיא פאָרטגעזעצט:

— ר' איצעלע חנה בערל'ס, פאַרשטייסטו מיך. דאָס איז ניט קיין קאַטאָוועס — זיא האָט פאַרריסען דעם ציינגעפינגער צום נאָז, אזוי וויא זיא זאָל מיט דעם וועלען אָנווייזען דיא גרויס־קייט פון דיעזען נאָמען — וואָס ביי איהם איז געלעגען תורה אָט דאָ — זיא האָט אָנגעוויעזען אויפ'ן שטערען — דאָס האָבען ניט אַלע שאָלעמען אייזיקס אין איינעם. ער האָט געקענט פּסק'נען שאלות אויך. יאָ, מיין גרעפינע, דאָס איז דיא ריינע וואהרהייט. פרעג יעדען סלוצקער אידען, וועט מען עס דיר זאָגען....

דזשעני האָט זיא אויסגעהערט, דאַן האָט זיא ארויסגע־רעדט לאַנגזאם, צווישען דיא ציינער:

— ער איז געוועזען מסתמא אַ פערד גנב....

דיא דיקע פרוי האָט לייכט אַ ציטער געטהאָן, איז געוואָרען רויט, דיא אויגלאַך האָבען אַ בלישצע געטאָהן.

— העי, העי, האָט זיא אויסגעשריען מיט אַ בייזען קוויטש — האַלט ס'מויל, יו ד—ט, וואָרום קריעגסט באַלד ארינגעפּאָה־רען אין דיין חזיר'שע מאָרדע!...



דזשעני האָט געשוויגען און האָט זיך אומגעקעהרט מיט'ן רוקען צו דער דיקער פרוי.

און דיא דיקע פרוי האָט געקוויטשעט ווייטער:

— מיין פאָטער איז געוועזען אַ פערד גנב, דוא פּאַסקודסטווע! דיין פאָטער מסתמא. אזוי וויא איך וויים ניט! ער איז געוועזען אַ גנב, אַ קישעניק, אַ מערדער, יעס, מעם... מען קען זעהן נאָך דיר נאָך, וואָס ער איז געוועזען. דער עפּעל פאַלט ניט ווייט פון בוים, יעס מעם!... ער איז געוועזען, וואָס דוא!...

דזשעני האָט זיך שנעל אַ קעהר געטהאָן, האָט אַ קוק גע־טהאָן מיט ברענענדע אויגען אויף דער דיקער פרוי, און האָט זיך היסטעריש צולאַכט.

— לאַך זיך, לאַך זיך, — האָט דיא דיקע פרוי געלאַסענער געזאָגט, און איך האָב דיך אין דר'ערד, איך וועל נעהמען אַ ביסעל וועהיסקי און דוא לאַך זיך!...

זיא איז צוגעגאַנגען אין אַ ווינקעל, וואו עס איז געשטאַנען אַ גאַלאָן מיט אַ'ן איבערגעקעהרטע גלעזעל אויף זיין העלזעל, האָט אָנגעגאָסען און האָט אויסגעטרונקען.

— נו, יעצט האָב איך דיך ערגעץ וואו אַנדערס. האָט זיא פילאָזאָפיש אויסגערעדט, יעצט אקאָרשט ארויס אין דרויסען.... עס איז קאַלטלעך.... האָ, האָ, באַלד כאַפּ איך אַ העכט!... און זיא איז מיט שווערע טריט, קאַטשענדיג זיך, וויא אַ פעטע גאַנז, ארויס פון צימער.

דזשעני איז געבליבען זיצען אויף איהר אָרט. דיעזען אַבענד איז איהר געוועזען ניט גוט צום מוטה, און זיא האָט זיך געפיהלט זעהר נערוועז.

דיא לעצטע דריי יאָהר, זייט זיא פיהרט דיעזען העסליכען לעבען, פלעגט זיא יעדען אידישען יום טוב זיך פיהלען אומגליק־ליך, איבערהויפּט יום כפור. אזוי וויא אַ וואָרים וואָלט געלעגען אין דיא טיעפענעס פון איהר נשמה ערגעץ אין אַ ווינקעלע און וואָלט זיא געטאָטשעט און גענגבערט....

איז עס געוועזען אַ אונבעוואוסטע ביינקעניש נאָך דער היים,

נאָך יענע יום טובים, ווען בּיי איהר איז אויך געווען יום טוב מיט אלעמען צוגלייך? איז עס גיווען אַ אונבעוואוסטער טרויער נאָך יענע ריינע, אונשולדיגע קינדהייטס־יאָהרען, וועלכע זיינען אוועק, אוועק אויף אייבּיג? אָדער איז אין דעם געווען שולדיג אַ געפיהל פון אַבּערגלויבּען, וועלכער ליגט אין כּאַראַקטער בּיי דיא מעהרסטענטהייל פון אזוינע פרויען?

זיא פיהלט זיך אונגליקליך, היינט נאָך מעהר וויא אַנאַנדערם מאָל. זיא האָט געזעהען, וויא אידען לויפען אהינצו אין בית־המדרש. זיא האָט געלעזען אַ פרומע ערנסטקייט אויף זייערע פּנים'ער, און פּלוצים האָט זיא צווישען דיזע אידען בּעמערקט אַ בּעקאַנטע געשטאַלט....

יאָ, יאָ, דער זעלבּער וואוקס, דער זעלבּער אויסזעהען, דער זעלבּער גאַנג, פון איהר טאַטען! נאָר, ניין, ניין, דאָס האָט איהר זיך אויסגעדאַכט: יענער איז שוין מיט זעקס יאָהר צוריק געשטאָרבּען!....

זיא האָט זיך דאַן אַ כאַפּ געטהאָן צוריק פון פענסטער, האָט זיך פּאַרשטעלט מיט'ן פּאָרהאַנג און האָט צוגעמאַכט דיא אויגען.....

דיא פּאַרשטעלונגס קראַפט האָט זיך בּיי איהר פאַנאַנדער געשפּיעלט קעגען איהר אייגענעם ווילען, און זיא האָט זיך געזעהען אין אַ קליין שטיבּעל ערב יום כּפּור

דער טיש איז בּעדעקט מיט אַ ווייסען טישטוך, און אויף איהם שטעהען געבּראָטענע כּפּרות. דיא מאַמע, אַ הויכע דאַרע אידענע אין אַ ווייסער קלייד, דער טאַטע אַ בּרייטער אידעל פון מיטעלען וואוקס, מיט אַ שפּיציג שווארץ בּערדעל, און בּיים עק טיש אַ יונגע מיידעל פון אַ יאָהר זיעבּענצעהן מיט אַ ווייסען, קלאָרען, רונדען פּנים, מיט דונקעלע אויגען, מיט דונקעלע האָאר, וואָס זיינען אהינטען פערפלאָכטען אין אַ דיקען צאָפּ מיט אַ רויטער שטיינגע. און ווייטער, קלענערע קינדער, אי מיידלאַך, אי אינגלאַך... אלע עסען שטיל און ערנסט. צייטענווייז הערט זיך, וויא דער טאַטע זיפצט, וויא דיא מאַמע קרעכצעט. דער פּאָ־



טער עסט וויניג, דען ער איז אַ בּעל תפילה, ער דאַרף היינט זאָגען כל נדרי, דער אָנשטאָפּען זיך קען קאַליע מאַכען דעם קול. אַלע אין הויז ווייסען פון דיעזען חזנישען רעגעל. זיי האָבּען אָפּגעגעסען. אַ טיעפע הייליגע ערנסטקייט פיהלט יעדער אין הויז.. אָט האָט דער פאָטער, וויא זיין שטייגער איז געווען, גענומען בּענשען דיא קינדער. צוערשט זיין עלטערע טאָכטער. דיא 17 יעהריגע זלאַטקע....

דזשעני האָט אַ ציטער געטהאָן. איהר האָט זיך אויסגעגעבּען, אז זיא פיהלט נאָך יעצט אויפ'ן קאָפּ דיא ווארעמע ציטערענדע הענד פון איהר פאָטער, אז זיא הערט זיין מורמלען, וועלכער ווערט איבּערגעהאַקט פון אַ שטילען, פערשטיקטען יאָמער און וואָס ווערט אונטערגעהאַלטען פון אַ טיעפען שלוכצען פון איהר מוטער. איהר האָט אַ ברען געטהאָן אין קאָפּ. זיא האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און האָט דערשראָקען גענומען קוקען ארום זיך....

האָט איהר דאָס דער פאָטער געבענשט? איז זיא עס זלאַטקע?

אַך, וואו זיינען זיי אַלע? ווארום קומט קיינער ניט!?

דער ציניזם פון איהר חבר'טע האָט זיא נאָך מעהר אויפגערעגט. יעדעס וואָרט פון איהר חבר'טע איז געפאַלען, וויא אַ בּיטערער טראָפּען אין איהר נשמה און האָט זיא געמוטשעט....

אויס זלאַטקע, ניטאָ קיין זלאַטקע — דזשעני, דזשעני!...

זיא איז אויפגעשטאַנען, איז צוגעגאַנגען צום מענטעלפּיעם. דאָרטען איז געלעגען אַ קליין, רונד שפּיעגעלע. זיא האָט גענומען דאָס שפּיעגעלע אין האַנד און האָט אין איהם גענומען קוקען. זיא האָט אַ גלעט געטהאָן מיט'ן האַנד אַ בּאַק, האָט זיך איינגעקוקט אין איהר. דיא פּייכטע, פערשוויצטע פינגער האָבּען אויף זיך אָנגענומען פּודרע און פאַרבּ. אַ פערעכטליכער שמייכעל האָט גענומען שפּיעלען אויף איהרע ליפּען. דער פּנים האָט זיך פערקרימט, וויא פון עפּעס אַ וועהטאָג. זיא האָט זיך איינגעגעסען מיט בּייזע אויגען אין שפּיעגעלע און דאַן האָט זיא

גענומען שפּייען, שפּייען אויפ'ן שפּיגעלע, האָט עס אַ שליי־דער געטהאָן אָן דר'ערד און האָט עס פערשליידערט מיט'ן פוס אונטער דער זאָפע...

ניט זלאַטקע — דזשעני, דזשעני!...

זיא האָט זיך צולאַכט נערוועז און האָט געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער.

אַ ווילדער, טהירישער געפיהל האָט דורכגעצוקט אין איהר נשמה: איהר האָט געצויגען צו רייסען און בּייסען, איהר האָט געצויגען עפּעס צו טהאָן, וואָס זאָל אָפּטעמפּען דיעזען שאַרפען טהירישען געפיהל...

ווען אימיצער וואָלט כאָטש געקומען!...

זיא איז נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען אויף איין אָרט, האָט נערוועז געריבּען דעם שטערען. דאַן איז זיא צוגעגאַנגען צום ווינקעל, וואו עס איז געשטאַנען דער גאַלאָן, האָט מיט ציטערנדע הענד זיך אָנגעגאָסען אַ גלעזעלע וואהיסקי און האָט עס אויסגע־טרונקען אין איין אָטהעם. דאַן האָט זיא אָנגעגאָסען אַ צווייטע און האָט ווידער אויסגעטרונקען. דיא אויגען זיינען בּיי איהר פאַרלאָפען און האָבּען גענומען בּלישצען, דאַן האָט זיא אַוועק־געשטעלט דעם גאַלאָן אויף זיין פּלאַץ אין ווינקעל, האָט אַ שמאָצקע געטהאָן מיט דיא ליפּען, האָט אַ קנאַק געטהאָן מיט דעם צונג, האָט גענומען שמייכלען מיט אַ מאָדנעם שמייכעל, האָט אַ שפּרונג געטהאָן מיט איין פוס, מיט דער צווייטער, האָט ארויסגעלאָזען אַ פריילינען קוויטש, איז צוגעגאַנגען צום זאָפע און האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן בּויך, מיט דעם רוקען ארויף, איינגראָבּענדיג דעם פּנים אין איהרע אָרעמס.

אין קאָפּ האָט געשווינדעלט, אין דיא אויערען האָט גע־קלונגען. זיא האָט געפיהלט, וויא אַ לייכטע וואַרימקייט צוגיסט זיך איבּער איהר לייב, איבּער'ן רוקען און ארום האַלז, צוגיסט זיך און שלעפערט איין איהרע אַלע געדאַנקען און געפיהלען...

ארום איז געווען שטיל, צייטענווייז פלעגט נור דורכלוי־פען דער עלעווייטער־צוג מיט אַ קלאַפּעריי און הוזשעריי, און



דאַן פלעגט ווידער שטיל ווערען....

מיט איינמאָל האָט זיך דערהערט אַ געזאַנג פון אַ כאָר. דער געזאַנג האָט זיך געהערט פון שוהל....

פערשיעדענע שטימען, פערשיעדענע טענער האָבּען זיך געטראָגען פון שוהל, האָבּען געציטערט אין לופטען און האָבּען זיך געריסען דורך דיא אָפענע פענסטער אין צימער, וואו דזשעני איז געלעגען.

דיא טענער האָבּען געקלונגען אַלץ טיעפער, אַלץ העכער... דזשעני האָט זיך אַ הויבּ געטהאָן אויפ'ן זאָפע, האָט זיך געזעצט, האָט גענומען קוקען פאַר זיך מיט האַלבּ שכור'ע, פאַרוואונדער־טע אויגען, האָט אויסגעשטעלט דיא אויערען און האָט זיך צוגעהערט.

„כל נדרי!"

זיא האָט אַ ציטער געטהאָן, דאָס זיינען געווען גוט בּעקאַנ־טע טענער. זיא האָט זיי פיעל מאָל געהערט פון איהר פאָטער, זיא האָט זיי געקענט אויסווייניג....

און ניט קוקענדיג, וואָס זיא איז געווען שכור'לאַך און פיעלייכט טאַקי דערפאַר נאָך מעהר, האָבּען דיעזע טענער ארויס־גערופען אַזאַ טרויער אין איהר נשמה, וואָס איז געווען פיעל שאַרפער וויא דער פריהערדיגער...

זיא האָט פאַרריסען דעם קאָפּ צום בּאַלקען, אַזוי וויא איהר טאַטע פלעגט טהאָן און האָט מיט אַ האַלבּ הייזעריגען פאַלשען קוויטש אונטערגעכאַפּט דיא טענער און נאָכגעזונגען מיט האַרץ....

דיא דיקע פרוי, וואָס איז געשטאַנען דיא גאַנצע צייט אויפ'ן סטופּ, וואַרטענדיג אויף אַ „העכט", ווען זיא האָט דער־הערט דזשעני'ס קוויטשעריי האָט זיך אַריבּערגעבּויגען איבּער'ן פאַרענץ פונ'ם סטופּ מיט איהר דיקען גוף, האָט אריינגעשפּאַרט איהר קאָפּ אין פענסטער און האָט גענומען לאַכען און נאָכמאַכען, אויסזינגענדיג:

— אַי, געוואַלד, שאָלעמען אייזיק, אַי געוואַלד. כי, כי, כי!..

פלוצים האט זיא בעמערקט, אז איבער דזשענים באקען קייקלען זיך טרערען, קייקלען זיך און לאזען איבער שמוציגע פלעקען אויף איהר געפארבטען פנים.

— דזשעני, דזשעני, האט זיא גענומען שרייען — זעה, וואס איז דאס מיט דיר?...

דזשעני האט איהר ניט געהערט; זיא האט אלץ געקוויטשעט „כל נדרי,“ האט געקוויטשעט מיט הארץ, אין גאנצען אריינגעטהאן אין דעם, און האט ניט געפיהלט, אז פון איהרע אויגען קייקלען זיך טרערען.

דיא דיקע פרוי איז אריינגעלאפען פערסאפעט אין שטוב. זיא האט אנגעכאפט דזשעני'ן פאר'ן האנד און האט זיא א שלעפ געטהאן צו זיך און האט גענומען לאכען.

דזשעני האט זיך ארויסגעריסען פון איהר, איז אפגעלאפען אויפ'ן מיטען צימער און האט געיאמערט אויפ'ן קול.

— דזשעני ,שא, קאסטימער געהען! דיא דיקע פרוי האט זיא ארומגעכאפט מיט דער לינקער האנד ארום טאליע, מיט דער רעכטער פערשטאפט דעם מויל און אזוי געשלעפט צום זאפע.

דזשעני האט אראפגעלאזען דעם קאפ און האט געשוויגען. דיא דיקע פרוי האט זיך געזעצט נעבען איהר, האט איהר אריינגעקוקט אין פנים און האט גענומען לאכען:

— וואס איז דער מעער, דזשעני?... כי, כי, כי!...

דזשעני האט פארדעקט דעם פנים מיט ביידע הענד און ביטער געכליפעט.

דיא דיקע פרוי האט גענומען רייסען דיא הענד פון איהר פנים און שרייען: דזשעני! דזשעני!

— אוועק! האט דזשעני מיט א מאל אויסגעשריען ליידענשאפטליך און דיא אויגען האבען ביי איהר געבלישצעט, און דיא ליפען האבען זיך פארקרימט מיט אן עקעל.

— אוועק! איך בין ניט דזשעני, איך בין זלאטע, דוא הערסט? זלאטע! איך, איך האס אייך אלעמען, איך האס אייער לעבען, איך האס זיך!... זלאטע בין איך, זלאטע, ניט דזשעני! אה, וואס האט דער מערדער צו מיר געהאט? פאר וואס האט ער מיך אזוי אונגליקליך געמאכט, דער לומפ, דער ניעדערטרעכטיגער מענש. איך וואלט איהם געשטאכען!... איך בין געווען א'ן עהרליכע ארבייטערין, אן ארינט....



זיא האט זיך פערנאנדערקלאגט הויך אויפ'ן קול...

און פון שוהל האבען זיך אין דיעזער צייט געגאסען טענער פון א'ן אנדער תפילה...

דיא דיקע פרוי האט געקוקט מיט שרעק אויף דזשענין; דיא קליינינצקע, פערגאסענע אויגעלאך האבען אויסגעקוקט, וויא בלישצענדע גלעזלאך.

אויפ'ן סוף האט זיא ארויסגערעדט:

— נו, ווער האלט דיך? חרטה איז חרטה, קענסט געהן, קענסט כאטש ווערען א רביצין. ביי אונז איז דא פלענטי אהן דיר....

דזשעני האט א ווײלע געשוויגען. נאכדעם האט זיא אויסגעשריען דורך טרערען:

— געהן? געהן? יא, דו ביזט זעהר א קלוגע... זעהסט, זעהסט אט דאס, אט דאס — זיא האט אנגעוויזען אויף איהר פנים און אויף איהרע אויגען. שטעהט דא ניט אנגעשריבען, וואס איך בין?.... וועט מען מיך ניט דערקענען12.... געהן? וואוהין? ווער וועט עס וועלען שטעהען אין מיינע ד' אמות, ווער? ווער?

— כי, כי, כי! היינט וואס מאכסטו זיך נאריש, אז דוא פערשטעהסט א געשעפט? ...

דזשעני האט ניט געענטפערט און האט געוויינט...

— גיב מיר א ביסעל וויסקי — האט זיא ענדליך געזאגט — איך וויל זיך היינט אנשכור'ן...

— דוא וואלסט עס לאנג געטהאן, האט דיא דיקע פרוי אויסגעשריען, אויפהייבענדיג זיך פון ארט: — ניט מאכען זיך נאריש... כע, כע, א רביצין, שאלעמען אייזיק!....

זיא האט פריינדליך א שטופ געטהאן דזשעני'ן פאר'ן

פליצע, האט זיך צוגאסען מיט איהר געלעכטער'ל און איז צוגעגאנגען צום גאלאן. זיא האט אנגעגאסען א פריהער א גלעזעלע און האט אויסגעטרונקען אליין. דאן האט זיא מיט א ציניש׳ען שמייכעל אויף דיא ליפען זיך געווענדעט צו דזשענין, צוטראגענדיג צו איהר דעם גאלאן מיט דער גלעזעלע:

— נא, ווארעם זיך כאטש אן פון דעם!...

דזשעני האט אויסגעטרונקען איין גלעזעל, א צווייטע, א דריטע, ביז וואנען זיא האט גענומען פיהלען, אז זיא ווינט זיך, אז דיא פאדלאגע דרייט זיך אונטער איהרע פיס, דאן האט זיא זיך געווארפען אויפ'ן סאפע מיט'ן פנים ארויף און האט נאריש גענומען שמייכלען...

דיא אויגען זיינען בא איהר געוועזן האלב צוגעמאכט, און זיא האט געקארטשעט מיט דיא ליפען.

און דיא שטימען פון שוהל קלינגען נאך און הילכען אפ אין איהרע אויערען, און באלד ווערען זיי פערטומעלט דורך דעם רוישען און זשוזשען פון דעם בראנפען אין איהר קאפ...



# און ער האט ווידער געשמייכעלט.

א ווינטער אבענד. אין דרויסען פייפט א קאלטער ווינד, א שנעע פאלט און דער ווינד שמייסט איהם אין קרומע שורות אן א זייט, אן דיא סלופעס פונ'ם טעלעגראף. דאס בלוילינע־העלע, עלעקטרישע ליכט ציטערט אין דיא לאנטערנעס: אט, דאכט זיך, פערשווינדעט עס אין דעם ווייסען נעבעל פון דעם פאלענדען שנעע און אט, דאכט זיך, טהוט עס פלוצים א פלאם און שניידט זיך דורך דורך דעם שנעע נעבעל, גראדע וויא מאנכעס מאל דיא לבנה צווישען שווארצע וואלקענס אויפ'ן הימעל — ציטענווייז לויפט דורך מיט א קלינגעריי א קאר. דיא קאר, דער קאנדוקטאר, דער אנטרייבער און דיא פערד פערשווינדען אין דעם שנעענעבעל, נור דיא פייערלאך פון קאר בלישצען דונקעל ארויס און זעהן אויס פון וויטען וויא ברענענדיגע לעמפלאך, וואס שווימען אין דיא לופטען פון הינטער א ווייסען, דינעם פארהאנג...

ראסקין איז געשטאנען אין זיין ציממער, אויף א דריטען פלאאר אין איסט בראדוויי, נעבען א פענסטער, האט ארויסגעקוקט אין דרויסען, האט נערוועז געקלאפט מיט דיא פינגער אויף דיא שויבען פון פענסטער און האט זיך שטיל פאר זיך אונטערגעפייפט...

איין גאז־ברענער אין מיטען הויז האט דונקעל געברענט אין צימער.

ראסקין איז א יונגער מאן פון א יאהר 26—27, מיט א בלאסען אינטעליגענטען פנים, מיט שווארצע, קורצגעשארענע האאר אויפ'ן קאפ און מיט שווארצינקע דינע וואנצעס, וואס זיינען פערדרעהט מיט דיא עקען ארויף. ער איז הויך און שלאנק און האט א פאאר צארטע קליינע הענטלאך, וויא ביי

אַ פרוי. אין אַמעריקאַ איז ער שוין זייט 5 יאָהר, האָט געליטען די ערסטע צייט הונגער, ביז ער האָט זיך אויסגעלערנט צו מאַכען אויפ'ן מאַשין אַן ארבעל פון אַ העמד, דאַן האָט ער געקראָגען ארבייט אין דער העמדען־פאַבריק ביי מיסטער יערוכאָמאָוויטש'ן — אַן אַמאָליגען מאָסקווער סוחר, און האָט זיך ארויפגעארבייט אין דער צייט פון צוויי יאָהר „איינטרייען זיך" אויף פיער דאָלאַר אַ וואָך פערדיענסט... און ווער ווייס וויא ווייט ער וואָלט זיך נאָך ארויפגעארבייט ביי זיינע ארבעל, ווען זיין פאַבריקאַנט יערוכאָמאָוויטש וואָלט ניט געהאַט אַ טאָכטער, וועלכע איז געווען ראוי לחופה ולמעשים טובים.. יערוכאָמאָוויטש האָט געהאַט אַ טאָכטער, ראַסקין האָט געלערנט אין אַ רוסישען גימנאַזיום. יערוכאָמאָוויטש האָט איהם פאָרגעשלאָגען צו שטודירען אויף זיין רעכנונג מעדיצין, מיט דעם תנאי, אַז זיין טאָכטער זאָל זיך נאָכדעם רופען „פרוי דאָקטאָרקע". ראַסקינען האָט בשעת־מעשה אַ טיאָף געטהאַן אין הארצען: ערשטענס, איז ער דאַן געווען בעוואוסט אין דער ארבייטער־בעוועגונג צווישען דער יודישער מאַסע אַלס אַ הייסער סאָציאַליסט, און יערוכאָמאָוויטש'ס פאָרשלאַג האָט אויף איהם געמאַכט אַן איינדרוק, אַזוי וויא מען וואָלט איהם פאָרגעשלאָגען צו פערקויפען זיך; צווייטענס האָט דיזער פאָרשלאַג ארויסגערופען אין זיין גדעכנים אַ בילד פון אַ מיידעל. דיעזעס בילד האָט אַ לאַנגע צייט געקלאַפּט איבער די סטרונעס פון זיין הארצען און האָט געוועקט אין זיין גדעכנים עראינערונגען. דאָס בילד איז געווען פון אַ צוואַנציג יעהריגע מיידעל מאַשאַ. אין קאָוונע — די געבורטשטאָדט פון איהם און פון מאַשאַ'ן — האָט ער זיך מיט איהר בעקענט, האָט זיך אין איהר פערליעבט... זיא האָט איהם אויך געליעבט. ער איז געווען דאַן אַן אָרימער שילער פון 7טען קלאַס גימנאַזיום; זיא — אַ פיאַנאָ לעהרערין. זיא האָט זיך געלעבט מיט איהר אַלטינקער מוטער און האָט געטרוימט אַנצוקומען ווען־עס־איז אין קאָנסערוואַטאָריום. ראַסקין פלעגט צו איהר קומען יעדען אָבענד און זיא מיט איהם פלעגען דאַן בויען פער־



שיעדענע פלענער וועגען זייער צוקונפט. דיזע פלענער זיינען געוועזען ערהאַבענע, ארויסגערופענע פון דער ריינער יוגענדליכער פאַנטאַזיע, אונטערשטיצט פון די הייסע געפיהלען פון צוויי ליעבענדע הערצער... ער וועט ענדיגען דאָס גימנאַזיום... ער וועט אוועק שטודירען מעדיצין... זיא וועט אָננעהמען מעהר לעקציאָנען, אום איהם צו שטיצען... ער וועט ענדיגען די אוניווערזיטעט, וועט ווידמען דאַן זיין גאַנצע טהעטיגקייט דעם „ליידענדען, קלענערען ברודער"... און דאַן וועט מאַשאַ'ס אַלטינקע מוטער וואוינען מיט איהם, און מאַשאַ וועט אוועק אין קאָנסערוואַטאָריום... אין מיטען דערינען אָבער האָט זיך געטראָפען מיט איהם אַ „היסטאָריע." אויף זיין בענקעל אין גימנאַזיום האָט מען געפונען אַ מאָל „מירטאָוו'ס היסטאָרישע בריעף"... די „נאַטשאַלסטוואָ" פון גימנאַזיום האָבען באַלד געמאַכט אַן אונטערזוכונג. דער פועל יוצא פון דיעזער היסטאָריע איז געווען, אַז מען האָט איהם אויסגעשלאָסען פון גימנאַזיום און מען האָט איהם געשטעלט אונטער די אויפזיכט פון דער פאָליציי... אַלע ערהאַבענע פלענער זיינען דאַן ביי איהם און מאַשאַ'ן צופאַלען... ער האָט גענומען טראַכטען וועגען אַמעריקאַ.... און איינמאָל האָט מאַשאַ פערזעצט איהר גאָלדענעס מעדאַליאָן, וואָס איז איהר פערבליעבען בירושה פון איהר פאָטער, האָט צונויפגעקליעבען איהרע עטליכע רובעל און האָט איהם געגעבען אויף רייזע־קאָסטען. זיי האָבען זיך צוקוסט, זיי האָבען זיך צוויינט, זיי האָבען געשוואָרען איינער דעם אנדערען עוויגע ליעבע; ער האָט זיא פערזיכערט צו נעהמען אין גיכען צו זיך אין אַמעריקאַ—ער וועט זיך אויסלערנען גוט די ענגלישע שפראַכע אויפ'ן אָרט און דאַן וועט שוין אַלץ זיין גוט... דעם ערסטען יאָהר האָט ער איהר געשריעבען זעהר אָפט; ער איז געגען איהר געווען אָפען, האָט זיך געקלאָגט פאַר איהר. זיא האָט איהם געענטפערט און איהרע בריעף זינען געווען דורכגעדרונגען מיט אַן אונמוטה, מיט אַ טיעפען בענקען. שפּעטער, ווען ער האָט זיך היינגעריסען מיט דער היעזיגער ארבייטער בעוועגונג, פלעגט ער איהר שריי־

בען זעלטענער. דערפאַר אָבער, ווען ער פלעגט שוין יע אַ מאָל איהר שרייבען, האָט זיין בריעף געאָטהעמט לעבעדיגער, פרעהליכער; ער פלעגט איהר בעשרייבען דיא ארבייטער־בעוועגונג פון אַמעריקאַ מיט יעדער איינצעלהייט... אויף דיעזע פרעהליכע בריעף פלעגט זיא אויך ענטפערען מיט מעהר צופריעדענהייט... אזוי זיינען פערלאָפען צוויי יאָהר. איינמאָל האָט ער געקראָגען פון איהר אַ בריעף, אַז איהר מוטער איז געשטאָרבען און זיא וואָלט וועלען פאָהרען אין אַמעריקאַ... דאָס איז געווען אין דער זעלבער צייט, ווען יערוכאָמאָוויטש האָט איהם געמאַכט זיין פאָרשלאַג. אין זיין נשמה האָט זיך דאַן אויפגעהויבען אַ שטאַרקער קאַמפף; פון איין זייט האָט צו איהם געווינקט דאָס שטודירען, ניט דאַרפענדיג זיך קימערען וועגען מאָרגענדיגען טאָג; פון דער צווייטער זייט האָט איהם פערפאָלגט מאַשאַ׳ס בילד. דיעזעס בילד האָט צו איהם געשמייכעלט, האָט צו איהם געלאַכט, האָט אויף איהם געקוקט מיט בעטענדיגע אויגען, מיט אויגען פול מיט טהרערען און פאָרווירפע. ער האָט ביי זיך בעשלאָסען איהר דערוויילע ניט צו ענטפערען, ביז וואַנען ער וועט עס זיך גוט איבערלעגען. יערוכאָמאָוויטש׳ען האָט ער דערווייל אויך ניט געגעבען קיין בעשטימטען ענטפער. איינצו־וויליגען גלייך אויף זיין פאָרשלאַג האָט איהם אויך אָבגעהאַלטען דער געדאַנק; „וואָס וועלען זאָגען דיא בעקאַנטע? אַ סאָציאַליסט און פערקויפט זיך!“ ביסלאכוויז אָבער האָט דאָס בילד פון מאַשאַ׳ן זיך גענומען פארדעקען וויא מיט אַ דונקעלן שלייער... דונקעלער, דונקעלער... און איז אין גאַנצען פערשוואונדען... דער געדאַנק, וואָס וועלען זאָגען דיא סאָציאַליסטען, האָט איהם אויך אויפגעהערט צו שרעקען, ווייל ער האָט זיך דערמאָהנט אָן אייניגע דאָקטוירים מיט „פראָגרעסיווע אידעען,“ וואָס האָבען אויך געמאַכט זייער קאַריערע פון שטודירען אויף דיא רעכנונג פון אַ מיידעל׳ס אַ טאַטען, אָדער אויף דיא רעכנונג פון אַ מיידעל אָהן אַ טאַטען, נאָר מיט געלד. „דיעזע, האָט ער גערעכענט, זיינען דאָך געבליבען שעהנע מענשען, נאָך מעהר, זיי זיינען נאָך



איצטער מעהר פּאָפּולער וויא פריהער“... וויעדער האָט ער געוואוסט אייניגע פאַקטען וועגען אנדערע דאָקטוירים און לאָיערס, וואָס זיינען גוט בעקאַנט מיט דער טהעאָריע פון קאַרל מאַרקס, אַז דאָס קאַפּיטאַל קאָנצענטרירט זיך אין איינצעלנע הענד און וועלכע גיבען זיך דיא גרעסטע מיה, אַז דאָס קאַפּיטאַל פון דיא אָרימע ארבייטער זאָל זיך קאָנצענטרירען אין זייערע אייגענע קעשענעס... „און דאָך זיינען דיעזע פּאָפּולער, און דאָך רעכענט מען זיי פיר עהרליכע סאָציאַליסטען!“ צו וואָס זאָל ער זיין אַן איוואַנושקאַ דער נאַר?! ער האָט זיך געזעצט און האָט אָנגעשריעבען אַ קליין בריעפעלע, נאָר עטליכע ווערטער צו מאַשאַ׳ן און האָט עס אוועקגעשיקט אין רוסלאַנד.

„ווערטהע מאַשאַ“ — האָט ער געשריעבען — „איך בעט ביי אייך טויזענד מאָל אום פערצייהונג; עס האָט עטוואָס געטראָפען, וואָס איך האָב ניט געקענט פאָראויסזעהען. איך האָב זיך געטראָפען מיט... קורץ, מאַשאַ, איך קען ניט פערגעוואַלדעווען מיינע געפיהלען... פערצייהעט מיר, איך בין אייך ניט ווערטה... פערגעסט מיך, איך בעט אייך. איך געדענק אַלעס, וואָס איהר האָט פיר מיר געטהאָן... דאָס געלד, וואָס איך האָב ביי אייך געליעהען, וועל איך, האָפענטליך, אייך באַלד אומקעהרען... איך ווינש אייך גליק, ראַסקין.“

דאַן האָט ער אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון יערוכאָמאָוויטש׳ן און איז אוועק שטודירען מעדיצין.

היינט ביי נאַכט ווערט ער פאָרמעל איהר חתן; ביי יערוכאָמאָוויטש׳ן אין דער היים וועט מען היינט שרייבען זיינע תנאים...

ער איז געווען אָנגעטהאָן אין אַ ווייסער זשילעט און אין אַ שוואַרצען קאָסטיום, וואָס יערוכאָמאָוויטש האָט איהם נעכטען געמאַכט אַ מתנה. דער שנעע ווירבעל אין דרויסען האָט איהם געמאַכט נערוועז. וואָס לענגער ער האָט געקוקט דורכ׳ן פענסטער אויף דרויסען, אַלץ שטאַרקער האָט ער זיך אויפגערעגט, אַלץ שווערער איז איהם געוואָרען אויפ׳ן הערצען, אַלץ שטאַרקער

האט ער געפייפט און געבאראבאניעט מיט דיא פינגער אין דיא שויבען פון פענסטער...

מיט א פאאר מאנאטען צוריק האט ער זיך דערוואוסט דורך א בריעף פון זיינעם א פריינד פון רוסלאנד, אז מאשא איז אין ניו יארק. דאן האט ער לכתחילה זיך אי דערשראקען אי דערפרעהט. דערשראקען האט איהם דער געדאנק: וואס וועט זיין, אז זיי וועלען זיך טרעפען?.... דערפרעהט האט איהם אן אונבעוואוסטעס געפיהל, וואס איז געלעגען אין דער טיעפענים פון זיין נשמה: זעהען מאשא'ן, וועלכע ער האט א מאל אזוי שטארק געליעבט... אין פערלויף פון א מאנאט האט ער ווידער פערגעסען אן איהר און האט מעהר וועגען איהר ניט געטראכט. איינמאל נאר, מיט א פאאר וואכען צוריק, געהענדיג איבער גרענד סטריט, האט ער זיך בעגעגנט צופעליג מיט א פרוי, וואס איז געוועזן עהנליך צו מאשא'ן; ער האט א ציטער געטהאן, אין הערצען האט איהם א קלאפ געטהאן און אין קאפ איז איהם ווארם געווארען... דיא פרוי איז פערבייגעגאנגען, ניט בעמערקענדיג איהם... ער האט זיא גענומען בעטראכטען פון הינטען: ניין, ער האט געהאט א-טעות; יענע איז פיעל פולער, נידעריגער; דיא איז דאר, שמאל און פיעל העכער... דיא בלאנדע האאר נאר זיינען וויא ביי מאשא'ן... דאך האט ער נאכדעם א פאאר טעג נאכאנאנד זיך ניט געקענט בערוהיגען; מאשא'ס בילד האט איהם ווידער פערפאלגט... יעצט, שטעהענדיג ביים פענסטער און ארויסקוקענדיג אין דרויסען אויפ'ן וועטער, האט ער זיך דערמאהנט אן אזא וועטער, אן אזא אבענד אין רוסלאנד... דער ווינד אין דרויסען פייפט, יאמערט, קלאפט אין דיא לאדענס... עס שיעט א שנעע... ער זיצט מיט מאשא'ן אין איהר צימער... עס איז ווארם אין צימער... עס איז אזוי גוט, פרעהליך, גרינג איהם אויפ'ן הארצען... מאשא — א פולינקע בלאנדינקע מיט בלויע, גרויסע אויגען, מיט קיילאכדיגע פלייצעס, מיט בלאנדע האאר, זיצט געגען איהם נעבען פיאנא, שפיעלט נעקראסאוו'ס „מאליטווא“... אט האט זיא געווארפען דאס שפיעלען,



איז אויפגעשפרונגען פון ארט, האט איהם אנגעקוקט מיט ווארמע, בלישטשענדע אויגען, איז איהם ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז און האט זיך צולאכט מיט א גוטען הילכענדען געלעכטער...

ראסקין האט קאנוואולסיוו א פיהר געטאן מיט'ן האנד איבער'ן שטערן, אקוראט וויא ער וואלט וועלען פערטרייבען פון זיך דיעזעס בילד; ער איז אבגעטראטען פון פענסטער און האט גענומען געהן איבער'ן צימער. „א קאשמאר“ — האט ער געטראכט — „א נארישקייט, א חלום... וואס עס קריעכט מיר היינט אין קאפ!? געוועזן א מאל א קינד, יעצט בין איך אן ערוואקסענער מאן... געגלויבט א מאל, אז מען קען נאר לעבען מיט איינע אידעאלען, יעצט ווייס איך, אז אונזער וועלט איז א מאטעריעלע... נארישקייטען!“ און מאשא'ס געלעכטער האט אלץ געקלונגען אין זיינע אויערן און איהר בילד האט זיך געטראגען בולט פאר זיינע אויגען...

ער איז געווארען נערוועזער, האט ארויסגענומען דעם זייגער פון קעשענע פון דער ווייסער זשילעט, האט אקוק געטהאן.

„האלב נאך זיעבען, אכט געה איך“...

ער האט זיך געלעגט אויפ'ן זאפע, האט פערלעגט דיא הענד הינטער'ן קאפ און האט געוואלט טראכטען וועגען היינטיגען אבענד, וועגען זיין צוקונפט, וועגען זיין כלה, אבער אין זיינע אויערן האט געקלונגען מאשא'ס געלעכטער...

„דומהייטען! וואס טהוט זיך היינט מיט מיר!?“ ער איז אויפגעשטאנען פון זאפע, איז כמעט צוגעלאפען צום טישעל, וועלכעס איז געשטאנען אין א ווינקעלע. אויפ'ן טישעל איז געשטאנען א פרויען-בילד, דאס בילד פון זיין כלה, איינגעפאסט אין א פשוט'ען ראהם. ער האט עס גענומען אין דיא הענד און האט עס אויפמערקזאם גענומען בעטראכטען....

„א נארישער פנים... רויטהע בעקעלאך, ניט הערומגעהובעלט וויא איהר פאפינקע דער באלוואן!“ און פאר זיינע אויגען איז געשטאנען מאשא... זיא האט צו איהם געשמייכעלט, זיא האט צו איהם געלאכט....

„און מיט דיעזער קוקלע וועל איך זיך היינט דארפען פערבינדען אויף אייביג!?„

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן, האָט אַ צופּ געטהאָן דעם האַרטען קראַגען פון זיין העמד, אַקוראַט וויא ער וואָלט איהם שטיקען, האָט אַ וואָרף געטהאָן דאָס בילד אויפ׳ן טישעל.

„וואָס פיר אַ נאַרישקייטען קריעכען מיר היינט אין קאָפּ? מען דאַרף געהן!“ ער האָט אַרויפגעכאַפּט אויף זיך זיין ראָק און הוט, האָט אַריינגעדרייט דעם גאַז און איז מיט שנעלע טריט אַרויס פון צימער, פערשליעסענדיג דיא טהיר.

* * *

דער האָל ביי יערוכאָמאָוויטש׳ן איז געוועזן העל בעלויכטען. איבער דיא ווייכע, מיט קאַרפּעט אויסגעלעגטע טרעפּ, זיינען געגאַנגען יונגע לייט, עלטערע מענער, פרויען און מיידלאך. דיעזע אַלע זיינען געגאַנגען אין איין ריכטונג, אין יערוכאָמאָוויטש׳עס וואוינונג. דאָס זיינען געוועזן מענשען פון פערשיעדענע קלאַסען: רוסישע אינטעליגענץ, העסטער־סטריטער סוחרים און גלאַט בעקאַנטע אָדער קרובים פון יערוכאָמאָוויטש׳ן. יערוכאָמאָוויטש אַליין — אַ הויכער, דיקער איד מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ קורץ געשאָרענעם שוואַרצען בערדעל, און וועלכען עס האָבען געבלישטשעט אַ פּאָאר זילבערנע האָר, מיט אַ פריינדליכען, גוט־מוטהיגען פּנים — איז געשטאַנען פון אויבען אויף דיא טרעפּ און האָט פריינדליך צוגענומען דיא געסט, ד. ה. דרעהענדיג איינעם פיר אַן אויער, דעם צווייטען קלאַפּענדיג איבער׳ן פּלייצע; רעדענדיג צו איינעם אין אַ אידישען רוסיש, צום צווייטען אין אַ בערדיטשעווער דייטש און צום דריטען אין אַ העסטער־סטריטער אינגליש לענגווידזש. דער פּנים איז ביי איהם געוועזן פערשוויצט, רויטהע און איז אין גאַנצען געוועזן אַ ברייטער, פולער שמייכעל...

הינטער איהם איז געשטאַנען זיין פרוי שרה — אַ דיקע אידענע פון אַ יאָהר 40, פון מיטעלען וואוקס, מיט אַ צוויי־גאָרינדיגער מאָרדע, מיט שוואַרצע, פעטע, פוטערדיגע אויגען;



זיא איז געוועזן אויסגעפּוצט „אין עסיג און אין האָניג,“ אין אַ שוואַרצען זיידענעם קלייד, אין אַ שוואַרצער ווייסט מיט אַ גאָלדענע קייט אויפ׳ן הויכען בוזים און מיט גאָלדענע רינגען אויף איהרע קורצע, דיקע פינגער. זיא האָט געשמייכעלט און האָט געמאַכט מיט׳ן קאָפּ צו דיא געסט.

איהר ביי דער זייט איז געשטאַנען איהר טאָכטערל, דיא כלה ליזע — אַן 18־יעהריגע מיידעל, אַ פולינקע, מיט רויטע, געזונדע באַקען און מיט שוואַרצע אויגען, וויא ביי איהר מוטער. זיא איז געוועזן אָנגעטאָן אין אַ ווייסען קלייד, אָהן שום בעפּוצונג און זיא האָט ניט געטראָגען קיין שום ציערונג.

אין האָל איז אין דיעזער צייט אַריינגעקומען אַ הויכע פרוי מיט אַ שוואַרצען שלייער איבער׳ן פּנים. זיא איז געוועזן אין גאַנצען פערשאָטען מיט שנעע. דיא שפּיץ אויערן, וואָס האָבען אַרויסגעסטאַרטשעט פון הינטער דעם שלייער, זיינען געוועזן רויטהע מיט אַ בלויקייט... יערוכאָמאָוויטש האָט זיא דערזעהען און האָט אויסגעשריען:

— „בראַוואָ, בראַוואָ! אָט דאָס הייסט האַלטען וואָרט! יעי באָהו, באַרישניאַ, איהר זייט אַ מאָלאָדיעץ! איך האָב שוין, יו נאָו, באַרישניאַ, געמיינט, אז איהר וועט ניט קומען אין אַזאַ וועטער... מאָלאָדיעץ, מאָלאָדיעץ! (ער האָט זיא אָנגעכאַפּט פאַר דיא הענד און האָט זיי שטאַרק געשאָקעלט.) זנאַיעטע, איך בין פּשוט ענטציקט פון אייער שפּיעלען... אָדין וואָסטאָרג, יו נאָו! איך פערשטעה, מאַגו סקאַזאַט, אויף מוזיק... אין מאָסקווע נאָך, יו נאָו, האָב איך געהערט אָפּערעס, זנאַמעניטאָסטען, כע, כע, כע... אָבער וואָס האַלט איך אייך? — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן — ליזענקע, האָט ער אַ געשריי געטהאָן צו זיין טאָכטער, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ טרעפּ העכער און האָט אַראָבגעקוקט אויף דיא פרוי, פאַר וועמען איהר פאָטער האָט אויסגעגאָסען זיינע מוזיקאַלישע געפיהלען — ליזענקע, דאָס איז אונזער פּיאַנאָ־שפּיעלערין, אַ קינסטלערין, יו נאָו, איך האָב דאָך דיר

וועגן איהר דערצעהלט... זיא איז דערפראָרען, מאַי טשאַילד, פיהר זיא אריין אין דרעסינג רום....

דיא פרוי מיט ליזע'ן זיינען ארויף אויף דיא טרעפּ און זיינען פערשוואונדען. עס זיינען געבליעבען אויף דיא טרעפּ יערוכאָמאָוויטש מיט זיין פרוי. „5 דאָללאר בעצאָהל איך אָט דער פּיאניסטין, מיין ווייבעלע,“ האָט יערוכאָמאָוויטש זיך געווענדעט צו זיין פרוי מיט זיין געוועהנליכען גוט־מיטהיגען טאָן... „5 דאָלאר איז ווערטה ליזע, הע, מיין אַלטינקע? גיעב, איך וועל דיר אָנדרעהען פאר'ן אויער!“ (ער האָט זיא געוואָלט אָננעהמען פאר'ן אויער; זיא האָט איהם מיט אַ שמייכעל און קאָקעטיש אַ פּאַטש געטאָהן איבער'ן האַנד.) — געדענקסטו דיין תנאים, אַלטינקע? כע, כע, כע!... ער האָט זיך צולאַכט מיט אַ געזונדען געלעכטער. ער האָט געלאַכט מיט'ן מויל, מיט דיא פּלייצעס און מיט'ן גאַנצען גוף....

אין דיזער צייט איז אריינגעקומען אין האָל ראַסקין. יערוכאָמאָוויטש האָט איהם לעבּהאַפּט און קרעפטיג געדריקט דיא הענד. „העלאָ, העלאָ, מיין בּאָי,“ האָט גוטמוטהיג גערעדט יערוכאָמאָוויטש, האַלטענדיג איהם פיר'ן האַנד. „מען האָט שוין, יו נאָו, דאָ אויסגעטראַכט, אז דוא בּיזט ענטלאָפען אין רוסלאַנד און איך זאָג צו מיין אַלטינקע: נעוועד מאַינד, ראַסקין וועט ניט ענטלויפען פון ליזענקען, כע, כע, כע, גיעבּ איך וועל דיר אָנדרעהען פיר'ן אויער, מיין בּאָי.“ (ער האָט אָנגענומען ראַסקינען פיר'ן אויער.)

„מוזשיק,“ האָט געטראַכט ראַסקין וועגען יערוכאָמאָוויטש'ן און האָט געשמייכעלט מיט אַ געמאַכטער פריינדליכקייט צו יערוכאָמאָוויטש'ן און זיין פרוי, וואָס האָט אויף איהם געקוקט מיט איהרע לאַכעדיגע און פּוטערדיגע אויגען.

ראַסקין האָט פּאַוואָלינקע געוואָלט בעפרייען זיין האַנד פון יערוכאָמאָוויטש'עס.

— וואָס איילסטו זיך? עך, מיין בּאָי, דוא בּיזט גאָר וויא יענער פערדעל. בּיי מיר, יו נאָו, אין מאָסקווע איז געווען אַ פער־



דעל, אַ פּאָאר סאָטניעס, יו נאָו, ווערטה געווען. דעם גאַנצען וועג, יו נאָו, פלעגט ער זיך שלעפּען טריט בּיי טריט, כאָטש טרען איהם דיא אָדערן! וויא אָבער ער פלעגט צו קומען צו דער היים, פלעגט ער אַ לאָף טהאָן, אַקוראַט וויא שדים וואָלטען אין איהם געזעסען... אזוי בּיסטו אויך סלאָו, נאָר וויא דוא קומסט צו ליזענקען, אזוי איילסטו זיך...

— יערוכאָמאָוויטש, — האָט אויסגעשריען זיין פרוי מיט אַ פאָרוואורף — וואָס איז דאָס פיר אַ משל?

„חיה רעה!“ האָט געטראַכט ראַסקין און האָט ווידער געשמייכעלט.

— כע, כע, כע, נעווער מאַינד, מיין גוד בּאָי, קום, קום איך וועל דיך מעהר ניט מוטשען, האָט גערעדט יערוכאָמאָוויטש, קלאַפּענדיג ראַסקינ'ען איבער'ן פּלייצע: — איך האָב דיך ניט געמיינט צו אָבּידען. עס רעדט זיך נור אזוי, יו נאָו.... קום צו דיא געסט....

אין זאַל איז געווען ליכטיג. ארום דיא זייטען זיינען געוועז אויסגעשטעלט טישען מיט ווייסע סאַלפעטקעס און אויף זיי פערשיעדענע שפּייזען און געטרענקע. דיא געסט זיינען געשטאַנען גרופּעס־ווייז און האָבען צווישען זיך גערעדט. אין איין ווינקעל איז געשטאַנען אַ רעוורענד אין אַ ציליגדער־הוט מיט אַ דיקען אידעל מיט קורצע פּיסלאַך, וויא קלעצלאַך, מיט אַ קיילעכדיגען, ריין געגאָלטען פּנים מיט אַ גלאַטען פּליכעוואַטען קאָפּ, און ליזע און האָבען גערעדט.

אין אַ צווייטען ווינקעל, אויף דער אַנדערער זייט זאַל נעבען אַן אָפענעם קלאַוויר, איז געזעסען אַ פרוי פון אַ יאָהר 25 אין אַ שוואַרצען קלייד. איהר פּנים איז געווען בּלאַס, איהרע בּלויע אויגען האָבען געקוקט פיר זיך אונמוטהיג, פער'חלומ'ט, איהרע בּלאָנדע האָאר זיינען געווען פערפלאָכטען אין אַ צאָפּ און פערלעגט אַהינטער. זיא איז געזעסען אַבּיסעל אויסגעבּויגען מיט איהר דאַרען קערפּער צום קלאַוויר צו, האָט לייכט געפיהרט

מיט איהרע ווייסע דינע פינגער איבער די קלאַווישען און האָט דאַכט זיך גאָר ניט ארום זיך בּעמערקט...

— נו, אַט זיינען מיר אויך דאָ, — האָט געזאָגט יערוכאַמאַוויטש, צוגעהענדיג צו זיי — ליזענקע, נו, נו, איז דיין ראַסקין אַ סלאָווער.... כע, כע, ווען ער וועט זיין אַ דאָקטאָר און ער זאָל זיין אַזוי סלאָוו, קענען נאָך די חלאים, בּיז ער וועט צו זיי קומען, אוועקשטאַרבּען, כע, כע, כע.

דער רעווערענד און דער דיקער אידעל האָבּען זיך אויך שטאַרק צולאַכט, הפּנים די חכמה פון דעם בּעל שמחה איז זיי זעהר שטאַרק געפעלען געוואָרען. ראַסקין האָט געגעבּען די האַנד ליזען און צו די איבעריגע האָט ער אַ מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּ. ליזע האָט זיך זעהר שטאַרק בּעליידיגט פון איהר פאָטער'ס חכמה.

— אָבּער, פּאַפּאַ, האָט זי ארויסגערעדט מיט אַ פערבּאָרגענעם פערדרוס און רויטה ווערענדיג, — ראַסקין האָט דאָך ניט געהאַט זיך וואָס צו איילען...

— נעווער מאַינד, נעווער מאַינד, מיין סוויט בּייבּי — האָט יערוכאַמאָוויטש אונטערבּראָכען זיין 18־יעהריגע בּייבּי, לאַכענדיג מיט זיין משונה'דיגען געלעכטער, — נעווער מאַינד, ער איז אַ גוד בּאָי, דיין ראַסקין, כע, כע, אַ וואָרט ניט זאָגען, אַ קרומען וואָרט אויף איהם. אַט דאָס הייסט יונגעס בּלוט, האָט ער זיך געווענדעט צום דיקען אידען און צום רעווערענד. — איך זאָג אייך, אַז היינטיגע קינדער פערשטעהען שוין מעהרער, וויא מיר עלטערע מענשען; אַזוי, ראַסקין, מיין גוד בּאָי? כע, כע, גיעבּ איך וועל דיך אָנדרעהען פיר'ן אויער. ער האָט געוואָלט אָננעהמען ראַסקינ'ען פיר'ן אויער. ראַסקין האָט זיך אָבּער דאָס מאָל אויסגעדרעהט פון דער ווייכער האַנד פון זיין צוקינפטיגען שוויעגערפאָטער, אָבּטרעטענדיג עטליכע טריט אַהינטער. „עזעל" — האָט ער געטראַכט וועגען יערוכאַמאָוויטש'ען און האָט אַלץ געשמייכעלט.

ליזע איז בּייז געוואָרען און, צוגעהענדיג צו ראַסקינ'ען,



האָט זי איהם אָבּגערופען אָן אַ זייט. זיי האָבּען זיך געשטעלט נעבען א גרופּע פון יונגע מענער און פרויען.

— קום אַהער, האָלאָן, האָט איהר נאָכגעשריען יערוכאַמאָוויטש — אַט דאָס הייסט יונגע קינדער היינטיגע צייטען! כע, כע, וואָס זאָגסטו, שרה, האָט ער זיך געווענדעט צו זיין פּלונית'טע, וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און האָט געשעפּט נחת עמער־ווייז, וויא פון איהר מאַן, אַזוי אויך פון ליזע'ן און ראַסקינ'ען — ציפּליאַטעס לערנען היהנער, כע, כע, קום איך וועל דיר אָנדרעהען פיר'ן אויער, מיין אַלטינקע. און ער האָט מיט צוויי פינגער אָנגענומען זי פיר אַ שפּיץ אויער.

אַלע האָבּען זיך צולאַכט. דער רעווערענד האָט אויך עפּיס געזאָגט אַ משונה'דיגע חכמה אין אַ משונה'דיגען דייטש (ער האָט געשפּראָכען דייטש מיט אַ פערגנבּ'טען ווייכען קול און זיין דייטש פלעגט קלינגען „טיעק, טיעק") און זיי האָבּען זיך נאָך שטאַרקער צולאַכט.

אין אַ האַלבּע שטונדע ארום איז שוין דער עולם געזעסען ארום די טישען. ראַסקין מיט ליז'ען אויבּען־אָן. נעבען זיי זיינען געזעסען עטליכע מיידלאַך און יונגע לייט. שרה און יערוכאָמאָוויטש זיינען ארומגעלאָפען פון איין גאַסט צום צווייטען, זאָגענדיג צו זיי: „העלפּ יורסעלף." איבּערהויפּט יערוכאָמאָוויטש — דער האָט געהאַלטען אין איין חכמה'ן זיך, אין איין לאַכען. צוויי דיענסטען האָבּען דערלאַנגט און צוגענומען פונ'ם טיש. דער דיקער אידעל איז געזעסען נעבּען רעווערענד און זיי האָבּען איינער דעם אַנדערן מכבּד געווען מיט „בּיסינקעס." עס האָט זיך דאָרטען געפונען אַ יונגער מאַן, וועלכער האָט דעקלאַמירט אַ רוסישעס קאָמישעס ליעד מיט אַ טראַגישען טאָן; אַ מיידעל, וועלכע האָט מיט האַרץ פאָרגעזונגען דאָס ענגלישע ליעד „סוויט מערי." נאָכהער האָט אויך זיך געלאָזט הערען דער רעווערענד מיט אַ ספּיטש „צור עהרע דער בּראַוט און בּרויטיגאַם, די געסטע די ווערטהע און די הערשאַפטען די עדעלע." ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט, פאַרקאַשערט די אַרבּעל, פּעררוקט דעם

צילינדערהוט אויפ'ן פּאַטילניצע; זיינע קליינינקע, שמייכלענדע אויגלאַך און זיין נאָז, וואָס האָט געטראָגן אויף זיך די גאַנצע הייליגע יודישקייט, האָבן געוויזן, אַז זייער אייגענטהימער האָט אַ „ביסכען גענאָסען" פון דעם ביטערן טראָפּען.

— מיינע הערען און דאַמען! — האָט ער אָנגעהויבּען מיט אַ הייזעריגליכער שטימע, וואָס איז וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ ווארימער — „דיעזער טאַך (איהם איז געווען צו ליכטיג אין די אויגען און ער האָט גערופען די נאַכט „טאַך") וועט־ע אָהנע צווייפעל פער־ע־פעראורזאַכען איינע עפּאָכע אין דער געשיכטע דער מענשהייט. מיינע הערען און דאַמען, איך וויל איין ביסכען פערשטענדליך זיין. די מענשהייט אין אלגעמיין איזט איין גראָסער קערפּער אונד דער מענש אין איינצעלנעם איזט איין גליעד פון דעם גראָסען קערפּער. דער קערפּער זעלבסט בעלאַנגט צו דעם עוויגען שעפּפער, וואָס אין הימעל איזט. ווען איין מענש שטירבט, שטירבט אויך איין גליעד אים קערפּער, ווען איין מענש ווירד געבאָרען, ווירד אויך געבאָרען אַ נייעס גליעד אין דעם קערפּער... אַלזאָ, מיינע הערען אונד דאַמען, איך מעכטע־ע זיא אויפמערקזאַם מאַכען אויף פאָלגענדעס: ווען די ליכטיגע זאָננע פעראייניגט זיך דורך איהרע וואַרמע שטראַהלען מיט איינעם בוים אָדער זאָ איינע פּלאַנצע, אונד דאַס פּאַסירט נור אים זאָממער, ברינגען זיא פריכטע. ווינטער גיעבּט די פּלאַנצע קיינע פריכטע, דען עס איזט ווינטער אונד די זאָננע וואַרמט ניכט זאָ. די מענשען, מיינע הערען אונד דאַמען, זינד די פּלאַנצע, דער זאָמער — די יוגענד, דער ווינטער — דאָס אַלטער און זאָ קאָממט די זאָננע מיט איהרע שטראַהלען — די ליעבּע אונד וואַרעמט די פּלאַנצע — דען ברויטיגאַם — אונד זיא ברינגען פריכטע. דיזע פריכטע, מיינע הערען אונד דאַמען, זינד די צוקינפטיגע גליעדער פאָן דעם גראָסען קערפּער — די מענשהייט. יעדעס איינצעלנע גליעד פעראורזאַכט אַן עפּאָכע אין דעם גראָסען קערפּער. אַלזאָ



אים נאָמען דער מענשהייט גראַטולירע איך די ווערטהע בּראַוט אונד בּרויטיגאַם!"

דיעזע מערקווירדיגע רעדע האָט אַרויסגערופען אַפּלאָדיסמענטען בּיי די עלטערע בּיזנעס־לייט, בּיי די יונגע לייט, און צווישען זיי אויך ראַסקינען, האָט עס אַרויסגערופען אַ שמייכעל אויף די ליפּען.

— טאַ, טאַ, טאַ, בּראַוואָ, מיסטער מיכעלסאָן! (דעם רעוועַרענ'ס נאָמען) האָט אויסגעשריען דער דיקער אידעל מיט'ן פּליך, אויפהויבּענדיג אַ בּאָקאַל אין דער הויך, — פּיר אייער געזונד, בּראַוואָ! ער האָט אויסגעקעהרט דעם בּאָקאַל אין מויל מיט'ן דעק אַרויף און האָט איהם אַ שמיץ געטהאָן אָן פּאָל.

דער גלעזערנער בּאָקאַל האָט זיך צובּראָכען אויף פּיצלאַך.

— בּראַוואָ! בּראַוואָ! — האָט מען גענומען שרייען פון אַלע זייטען, און מען האָט גענומען אָנגיעסען די בּאָקאַלען.

אַ דיענסט איז אריין און האָט גענומען צוזאַמענקלייבּען די צובּראָכענע שטיקלאַך פונ'ם פּאָל.

יערוכאָמאָוויטש איז צוגעלאָפען צו ראַסקינען און ליזען.

— מיין בּאַי, מיין סוויט בּייבּי, ליזינקאַ, לאָ'מיך אייך זאָגען לחיים! ער האָט זך צוקוסט מיט ליזע'ן און ראַסקינ'ען און איז האַלבּ פעררוקט אַרומגעלאָפען די געסט דריקענדיג די הענד, טרינקענדיג מיט זיי לחיים און פּיהלענדיג אַ רויש אין קאָפּ.

שרה האָט זיך אויך צוקוסט מיט ראַסקינ'ען און איהר טאָכטער און האָט אַזש פאַר שמחה אָנגעהויבּען צו שלוכצען.

די געסט האָבּען אויך געטרונקען צו ראַסקינ'ען און ליזע'ן, און ראַסקין האָט מיט פּיעלע פון זיי געמוזט מיטטרינקען. ער איז געזעסען וויא אויף שפּילקעס. די גאַנצע צערעמאָניע האָט איהם געערגערט, דער קוסען זיך מיט יערוכאָמאָוויטש'ען און שרה'ן, איבּערהויפּט יערוכאָמאָוויטש'עס האַלטונג האָט איהם געמאַכט בּייז, און דער שנאַפּס, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען, האָט איהם אויפגערעגט און האָט אריינגעבּראַכט אַ מרה־שחורה

אין זיין נשמה. ער האָט זיך געפיהלט אונצופריעדען מיט זיך, מיט ליזע'ן און מיט אַלעמען ארום זיך.

דיא געפיהלען, וואָס האָבען מיט עטליכע שטונדען צוריק געמוטשעט זיין נשמה, האָבען ווידער אין איהם ערוואַכט מיט נאָך אַ שטאַרקערער קראַפט... ער האָט פון דער זייט גענומען קוקען אויף ליזע'ן. זיא איז געזעסען לינקס נעבען איהם און האָט עפּעס גערעדט מיט אַ יונגען מאַן, וואָס איז געזעסען רעכטס נעבען ראסקינ'ען. דיא באקען זיינען ביי איהר געוועזן רויטה, דיא שווארצע אויגען האָבען געבלישטשעט. זיא האָט אויסגעקוקט שעהן, יונג און געזונד; איהר שמייכעל איז געוועזן אַ זאַנפטער, אָבער אין ראסקינ'ס אויגען איז זיא געוועזן מיאוס, זאָגאַר העסליך.

„אַ קוקלע — האָט ער געטראַכט —" אַ שטיק האָלץ. איהר שמייכעל איז וויא ביי איהר טאַטען, דעם מוזשיק. קיין אינטעליגענץ אין רעדען און אין האַלטען זיך, אַלעס גראָב, ניט ארומגעהובלעוועט, וויא איהר טאַטע־מאַמע..."

— ראסקין! — האָט ליזע פּלוצום איבערגעשלאָגען זיינע געדאַנקען — הערט נאָר, וואָס מיסטער אבראש'ען קען איינפאַלען! ער זאָגט, אז אין מאָסקווע זיינען ניטאָ אַזעלכע פּלעצער, וואו צו פערברייינגען, וויא אין ניו יאָרק. כא, כאַ, כאַ. זיא האָט געלאַכט מיט אַן אַנגענעהמען יונגען געלעכטער.

ראסקינ'ען האָט אַ שטאָך געטהאָן אין הארצען פון דיעזען געלעכטער: איהם האָט ער געקלונגען נאַריש און העסליך.

— איך וויים ניט, האָט ער אויסגערעדט האַרט. באלד אָבער האָט ער זיך פעררירכט און האָט אויסגערעדט ווייך:—איך גלויב, ליזינקע, אז אין ניו יאָרק זיינען דאָ שעהנע פּלעצער, אָבער איך וויים ניט, אויב עס זיינען ניטאָ אויך אַזעלכע אין מאָסקווע.

— יעס, יעס, — האָט געזאָגט ליזע — אין מאָסקווע זיינען נאָך דאָ שעהנערע פּלעצער. און זיא האָט פאָרטגעזעצט איהר רעדען מיט'ן יונגען מאַן.

„לומפּ," האָט געטראַכט ווייטער ראסקין וועגען



זיך, „דוא האָסט זיא געוואָלט בעליידיגען... איז זיא אין דעם שולדיג? האָט זיא דיך צו דעם געצוואונגען?"

אין איהם האָט זיך פּלוצום ערוועקט אַ רחמנות צו ליזע'ן און ער האָט ווידער גענומען קוקען אויף איהר, סטאַרענדיג זיך צו געפינען זיא פיר שעהן.

„דיא אויגען שווארצע, גרויסע, קלאַסישע; דער נאָז, דאָס מויל, דער פּנים, אַלעס אין מאָס... אַ ביסעל לעבען האָט נאָך געדארפט זיין... דאָס אָבער קומט מיט דער צייט..."

דאָס האָט ער אָבער געטראַכט מיט'ן קאָפּ, זיין הארץ איז געוועזן אייז קאַלט. דערצו האָט ער נאָך אין זיין געדעכעניס ווידער ארויסגערופען מאַשאַ'ס געשטאַלט... דיא קלאָרע, קיילאַכדיגע באקען, דעם אינטעליגענטען פּנים, דיא גרויסע, בלויע, פערחלומ'טע אויגען, דיא לאַנגע בלאָנדע האָאר אויף דיא פולע פּלייצעס, און ניט ווילענדיג, האָט ער צוגעגלייכט מאַשאַ'ן צו ליזע'ן און ליזע'ס געשטאַלט פלעגט פערשווינדען און מאַשאַ'ס פלעגט בלייבען שטעהן פאר איהם אַלץ לעבהאַפטער און לעבהאַפטער.

דאָס האָט ווידער אין איהם ארויסגערופען אַ האָס און דעם מאָל ווידער צו ליזע'ן.

„איך בין אַ סחורה, גראדע וויא דער ארבייטער ביי'ם באָס. ער האָט פיינד דעם באָס, נאָר אום ניט צו הונגערן, מוז ער זיך פערקויפען צו דעם באָס. אמת, ליזע איז ניט שולדיג, דער באָס איז דאָך אָבער אויך ניט שולדיג, ווען ער האָט געלד, דאָך האַסט איהם דער ארבייטער, ווארום? ווייל דער ארבייטער איז געצוואונגען צו פערקויפען זיך צו איהם. איך וואָלט פיעללייכט אויך ליעבען ליזע'ן, ווען איך זאָל זיין דאָ ניט געצוואונגען...

„און אפשר" — פאַלט פּלוצלינג איהם אריין אַ געדאַנק — „וועל איך נאָך זיא ליעבען. דאָס טרעפט זיך דאָך אויך!..."

און פאר זיינע אויגען שטעהט אַלץ מאַשאַ'ס געשטאַלט, שטעהט און קוקט אויף איהם מיט איהרע בלויע אויגען פערחלומ'ט....

אין דער צייט איז צוגעלאָפען יערוכאָמאָוויטש צו דער פרוי נעבען פיאַנאָ מיט דיא ווערטער:

— נו, באַרישניא, שפּיעלט יעצט אַ שטיקעלע, הע? קינ־דער, האָט ער אַ געשריי געטהאָן צו די געסט מיט אַ האלב שיכורן הייזעריגען קול — מיינע גוד באָיעס, יעצט וועט דיא פריילין שפּיעלען אויפ׳ן פּיאַנאָ, זיא איז אַ קינסטלערין פאָירסט קלעס. פריילין, האָט ער זיך געווענדעט צו איהר — עפּעס א רוסישעס, א מאָסקווער שטיקעלע, כע, כע, כע.

עס האָבען זיך דערהערט איינינע אַפּלאָדיסמענטען; דער אידעל מיט׳ן פּליך האָט אויסגעשריען מיט אַלע כוחות „אָרדער“ און האָט אַ קלאַפּ געטהאָן מיט׳ן פויסט אָן טיש אזוי, אז דאָס געשיר האָט גענומען ציטערן; דער רעווערענד האָט אויך עפּעס אויסגעמורמעלט און האָט גענומען קוקען מיט זיינע אויגלאך אין דער זייט, וואו דיא פּיאַנאָ שפּיעלין איז גע־זעסען.

זיא איז געזעסען דיא גאַנצע צייט נעבען פּיאַנאָ מיט׳ן רוקען צו דער געזעלשאַפט. יערוכאָמאָוויטש האָט זיא איינינע מאָל איינגעלאַדען צום טיש, נור זיא האָט זיך ענטזאגט אונטער פערשיעדענע תירוצים. נור איינמאָל האָט זיא אומגעקעהרט דעם פּנים צו דיא געסט: דאָס איז געווען ווען דער רעווערענד האָט געהאַלטען זיין מערקווירדיגען ספּיטש. זיא האָט אַ קוק געטהאָן מיט אָן איראָנישען שמייכעל אויף דעם רעווערענד, האָט גענומען בעטראַכטען פון ווייטען דיא געסט, דיא יונגע מיידלאך, דיא יונגע לייט, דיא כלה און דעם חתן... פּלוצים האָט זיא אַ ציטער געטהאָן מיט איהר דאַרען קערפּער. דער פּנים איז געוואָרען בלאס וויא קרייד, דיא בלויע אויגען האָבען געקוקט פיר זיך מיט אַנגסט און צומישט... דאַן האָט זיא אַ כאַפּ געטהאָן דעם בלייכען פּנים צוריק צום קלאווירצו. באלד אָבער איז זיא געזעסען ווידער רוהיג, קוקענדיג פיר זיך, און נערוועז איבערקלייבענדיג מיט דיא פינגער אין דער שטיל דיא קלאַווישען...



יעצט נור, ווען יערוכאָמאָוויטש האָט זיא געבעטען שפּיע־לען, האָט זיא ווידער אַ ציטער געטהאָן און האָט איהם אָנגעקוקט, אזוי וויא זיא וואָלט איהם ניט פערשטאַנען.

— אַ שטיקעלע, עפּעס אַ רוסישעס, האָט איהר ווידער געזאָגט יערוכאָמאָוויטש און האָט זיך צולאכט צופריעדען מיט זיין געלעכטער.

— האַ? האָט זיא אויסגעמורמעלט, האָט זיך אויסגעבוי־גען צום פּיאנאָ און האָט מיט די פינגער א קלאַפּ געטהאָן איבער דיא קלאווישען... אַ שטילער קרעכץ האָט געציטערט אין דער לופטען. נאָך אַ קלאַפּ מיט דיא פינגער, און דאָס פּיאנאָ זיפצט און דאָס פּיאנאָ קלאָגט אזוי ריהרענד, אזוי הערצרייסענד, אזוי וויא עס וואָלט דערצעהלט פון בעגראָבענע גליקען, פון א פּאר דער צייט פערוועלקטער יוגענד, פון אייביגען ווינטער אָהן פריה־לינג, אָהן דער ווארימער, ליכטיגער זון... זיא האָט געשפּיעלט דיא „מאָליטוואַ“ (תפלה) פון דעם גרויסען רוסישען דיכטער און בירגער נעקראסאָוו. „וואָס אַ יאָהר ווערען שוואכער דיא כוחות“ האָט געקלאָגט דאָס פּיאנאָ — דער שכל ווערט טעמפּער און דאָס בלוט קעלטער,“ און דיא אַלע זיפצענדע, קרעכצענדע טענער האָבען געציטערט און האָבען זיך געפלאָכטען אין האַר־מאָנישע אקאָרדען, צופּענדיג און רייסענדיג דעם עולם ביי דער נשמה....

יערוכאָמאָוויטש איז געשטאַנען אין מיט׳ן שטוב מיט אַ וויט פערנאַנדערגעעפענטען מויל און מיט בּרייט אויסגעגלאָצטע אויגען און האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ; דער אידעל מיט׳ן פּליך, וואָס האָט שוין אריבערגעכאַפּט דאָס מאָס, האָט צוגעשפּאַרט דעם שטערן צום טיש און האָט געכליפּעט; דער רעווערענד האָט אויסגעדריקט זיין בעוואונדערונג דורך קוועטשען מיט דיא פּליי־צעס, דורך הייבען זיין צילינדערהוט און דורך צופּאַטשען מיט׳ן האַנד צום טאַקט אָן טיש; דיא יונגע לייט האָבען שטאַרק אַפּלאָ־דירט, שרייענדיג „בּיס.“

ליזע האָט אויך אַפּלאָדירט. נאָר איין ראסקין איז געזע־

סען בלאַס מיט פעסט צוזאַמענגעדריקטע ליפּען און האָט מיט צומישטע אויגען געקוקט אויף יענער זייט, וואו דיא פּיאַנאָ־שפּיעלערין איז געזעסען: דאָס, וואָס דיא פּיאַנאָ־שפּיעלערין האָט געשפּיעלט, איז איהם געווען בעקאַנט, זעהר בעקאַנט — מאַשאַ פּלעגט עס שפּיעלען אימער, ווען זיי פּלעגען בלייבען אַליין. דיא האָאר און דיא בעוועגונגען האָבען איהם אויך שטאַרק דערמאָהנט אן מאַשאַ'ן.... אַ שרעקליכער געדאַנק איז דורכגעפלויגען זיין מוח: „איז עס מאַשאַ?" עס האָט איהם אַ שווידער געטהאָן, איהם איז מורא'דיג געוואָרען... ער האָט שטאַרקער גענומען קוקען אין יענער זייט, וואו דיא פּיאַנאָ־שפּיעלערין איז געזעסען — פון ווייטען האָבען איהרע שמאָלע פּלייצעס און איהר דאַרער קערפּער אויסגעוויעזען, וויא פון אַ קינד...

„ניין, מאַשאַ'ס קערפּער איז עס געוויס ניט." און איהם האָט זיך פאָרגעשטעלט יענע מאַשאַ, יענע בליהענדע שעהנהייט, מיט איהר הויכען בוזים און מיט איהרע פולע, קיילאַכדיגע פּליצעס....

„ביס, ביס!" האָבען גענומען שרייען דיא געסט, פּאַטשענדיג אין דיא הענד.

דאָס פּיאַנאָ האָט ווידער גענומען שפּילען. דיזעס מאָל זיינען געווען די טענער ווייך, ווייך און צערטליך. אָט האָט אַ ברום געטהאָן אַ גראָבער טאָן, איהם האָט געענטפערט אַ דינער, וויי־כער טאָן; און אָט האָט אַ ציטער געטאָן אַ וויכער, לאַסטשענדער טאָן און איהם האָבען געענטפערט פיעלע טענער — אי גראָבע אי דינע. און אָט האָבען זיך מיט אַ מאָל גענומען גיעסען שטימען צאַרטע, וויא דיא ליעבע, ריהרענדע, וויא דיא טהרערען פון אן אונשולדיגער שעהנהייט, ציטערענדע, וויא דיא שטימע פונ'ם פּראָלעטאריאַט...

ראסקין האָט אַ ציטער געטהאָן. דיא טענער זיינען איהם אויך געווען בעקאַנט... ניט איין מאָל האָט מאַשאַ געשפּיעלט פאר איהם דיא מערקווירדיגע מעלאָדיע, וואָס אַ שווייצאַרישער סטודענט האָט זיא אַ מאָל אויסגעלערנט... איהם האָט גענומען האַ־



מערען אין דיא שלייפען; דער קאָפּ האָט איהם געשווינדעלט — און פאר דיא אויגען האָבען זיך געטראָגען שווארצע פּאסען...

„עס איז ניט מעגליך, דאָס איז אַ שוואַכעס קינד, ניט מאַשאַ."

פּלוצים האָט איהם גענומען ציהען צו־צוגעהען נעהענטער צו דער פּיאַנאָ־שפּיעלערין, בלויז פון נאָהענטען אַ קוק טהאָן אויף איהר, פון הינטען.

„מאַשאַ איז עס געוויס ניט... עס איז אונמעגליך. נאָר דעם חלום צו פערטרייבען.... ער מוטשעט אַזוי..."

ער איז אויפגעשטאַנען פונ'ם טיש, האָט זיך ענטשולדיגט פאַר דער כלה און פאר דיא אַרומיגע געסט און האָט גענומען געהן צו דער פּיאַנאָ־שפּיעלערין.

און דאָס פּיאַנאָ שפּיעלט, און דיא בעקאַנטע טענער קלינגען איהם אין דיא אויערן, בערוישען איהם דעם מוח... נעבען דעם פּיאַנאָ שטעהט יערוכאָמאָוויטש מיט אַ ברייטען שמייכעל און מאַכט מיט'ן קאָפּ צום טאַקט.

ראסקין איז צוגעגאַנגען נעהנטער צו דער פּיאַנאָ־שפּיעלערין און איהם איז גרינגער געוואָרען אויפ'ן הארצען. ער האָט דערזעהען פון הינטען איהר דינעם, בלאַסען האַלז און איהר איינגעשרומפּטען קערפּער און איהם איז ליכטיג געוואָרען אין דיא אויגען.

„געוויס ניט מאַשאַ, נאָר איהרע האָאר..." ער איז צוגעגאַנגען צו איהר נאָך נעהנטער.

אין דער צייט האָט דיא פּיאַנאָ־שפּיעלערין אַ קעהר געטהאָן דעם פּנים אַהינטער, האָט זיך אָבער באַלד אַ כאַפּ געטהאָן צוריק. דאָס פּיאַנאָ האָט ארויסגעלאָזען אַ קרעכץ און איז אויף איין קליינעם מאָמענט שטיל געבליעבען. באַלד אָבער האָבען זיך דערהערט שטאַרקע, פערצווייפעלטע טענער — דיא פּיאַנאָ־שפּיעלערין האָט גענומען שפּיעלען מיט דער גאַנצער קראַפט און עפּעס, וויא מיט אַ פערצווייפלונג...

ראסקין איז צוגעגאַנגען נאָהענט צום פּיאַנאָ, האָט זיך

געשטעלט געגען יערוכאמאוויטש'ן און האט א קוק געטהאן אויף דיא שפיעלערין... ער האט זיך א ,טרייסעל געטהאן מיט'ן גאנצען קערפער, דער פנים איז ביי איהם געווארען בלייך, ער האט גענומען קוקען צומישט ארום זיך, איז אבגעטראטען עטליכע טריט צוריק און האט זיך אנגעכאפט פיר'ן קאפ... יערוכאמאוויטש האט עס בעמערקט און איז צוגעלאפען צו איהם.

— וואס איז דיר, מיין באי? האט ער אויסגעשריען, אנכאפענדיג איהם פיר דיא פלייצע.

און דאס פיאנא שפיעלט און דיא טענער גיעסען זיך...

— סטאפט! האט יערוכאמאוויטש א געשריי געטהאן צו דער פיאנא־שפיעלערין. דאס פיאנא איז שטיל געבליעבען. דיא שפיעלערין האט זיך א כאפ געטהאן איז אויפגעשפרונגען פון'ם ארט, האט מיט האס און פעראכטונג געקוקט אויף יערוכאמאוויטש'ען און אויף ראסקינ'ען, דיא ליפען האבען ביי איהר געציטערט און זיא איז דאן מיט שנעלע, פעסטע טריט ארויס פונ'ם זאאל.

ראסקין האט א קרעכץ געטהאן און האט זיך א ריס געטהאן פון יערוכאמאוויטש'עס הענד.

— וואוהין, מיין באי? וואס איז מיט דיר?

— לאזט מיך, לאזט מיך, מאכט ניט קיין לארם, איך פיהל מיך ניט גוט, איך וועל נאר ארויס אין קארידאר, כאפען א ביסעל פרישע לופט... געהט ניט, איך וויל אליין...

— געה, געה, מיין באי, וויא דוא קוקסט אויס?...

ראסקין איז שאקלענדיג זיך ארויס אין קארידאר. דאס הארץ האט זיך געריסען ביי איהם אין שטיקער. „דאס איז זיא, דאס איז מאשא! זיא איז קראנק, זיא איז שווינדזיכטיג!“... און אין זיין נשמה האט זיך איצטער פלוצים ערוועקט צו איהר אזא ים פון גוטע געפיהלען... ניין, ער האט אליין ניט געוואוסט, וויא טיעף ער ליעבט זיא, יעצט נאר האט ער זיך עס דערוואוסט!... „מערדער, דוא ביזט איהר מערדער!“ האט א געהיימער קול אין איהם אינעווייניג געשריען. ער וועט פאלען צו איהרע פיס, ער



וועט זיא בעטען, ער וועט איהר געבען צו פערשטעהן, אז אזוי האט געמוזט זיין.... ניין, אזוי האט ניט געטארט זיין; ער וועט איהר נאר זאגען, אז ער איז א פערברעכער געגען איהר, אז ער וויל עס איצטער גוט מאכען.... ער ליעבט ניט זיין כלה, ער ליעבט נאר זיא, מאשא'ן....

אין דיזע צייט איז ארויס פון דרעסינג־רום אין האל דיא פיאנא־שפיעלערין מיט א פערשלייערטען פנים.

ראסקין האט אונבעוואוסט זיך א ווארף געטהאן צו איהר און האט זיא אנגעכאפט פיר א האנד.

— מאשא! האט ער אויסגעשריען מיט א ציטערענדען קול.

זיא האט זיך א ריס געטהאן פון זיינע הענד און ניט ארויסרעדענדיג קיין ווארט, האט זיא מיט פעסטע און שנעלע טריט גענומען געהן פון דיא טרעפ.

— מאשא! האט ראסקין זיא גערופען מיט א קול, א פערשטיקטען פון טרעהרען.

קיין ענטפער.

—מאשא! האט ראסקין נאך א מאל גערופען.

קיין ענטפער, עס הערט זיך נאר דאס סקריפען פון איהרע טריט איבער דער פערפרארענער פאדלאגע פון האל; באלד האט דאס זיך שוין אויך מעהר ניט געהערט.

ראסקינען איז פינסטער געווארען אין דיא אויגען; אין קאפ האט איהם גערעהט; ער איז צוגעפאלען מיט'ן שטערן צום וואנד און האט זיך פערנאנדערגעוויינט וויא א קינד....

* * *

אין א ווייל ארום, ווען יערוכאמאוויטש איז ארויס אין קארידאר, האט ער געטראפען ראסקינען, שטעהענדיג מיט א צוגעשפארטען שטערן צום וואנד.

— נו, מיין באי, וויא פיהלסטו דיך יעצט?

ראסקין האט אויפגעהויבען דעם קאפ און געזאגט: „עס איז

שוין אָל ראַיט, פּאַראיבער.... דיא מוזיק האָט מיך זעהר אויפגע־רעגט, אַ נאַרישקייט".

— זיא איז שוין, מיין באָי, אוועק; זיא האָט געזאָגט דער דיענסט, אַז זיא מוז געהן אַהיים. שפּיעלט פאָירסט קלעס, הע, מיין באָי?

— יע, יע, קומט אָבער אין זאַל צוריק.

זיי זיינען אַריין אין זאַל. ראַסקין האָט ווידער פערנומען זיין פּלאַץ נעבען ליזע'ן און ער האָט ווידער געשמייכעלט.....



# דער אמת.

דער זייגער איז פיער נאָך האַלבען טאָג. אין דרויסען איז היים, אין שטוב שטיקט.....

פענני זיצט ביי אַן אָפענעם פענסטער אין פראָנט רום, האַלט אויפ'ן שויס א קינדערשע קליידעל און זיימט. זיא איז אַ ליעבליכע קליינע קיילעכדיגע ברונעטקע פון א יאָהר 24, מיט גרויסע, שווארצע, בלישטשענדע אויגען, מיט א קליין מיילכעל און מיט א פארריםען נעזעל. שווארצע, וויא פּעך, האָאר פאַלען ביי איהר פון פאָרענט אויפ'ן שמאָלען, גלאטען און גלאַנציגען שטערן. זיא האַלט דעם קאָפּ אביסעל צוגעבויגען צו דיא קינדערשע קליי־דעל, זינגט פארטראכט עפּעס א מעלאָדיע אונטער'ן נאָז און זיימט.

איהר קליינער פיער יאָהריגער מאקסי—איהר איין איינ־ציג קינד — אַ ווייסער, קלאָרער, צאַרטער אינגעלע מיט רויטע האָאר, וויא ביי זיין פאָטער, האלט א שטעקען פון א ברום צווי־שען דיא פיס, לויפט ארום איבער'ן שטוב פון פראָנט־רום אין קיך, פון קיך אין שלאָפצימער, פון שלאָף־צימער צוריק אין פראָנט־רום — לויפט און שרייט: „געראפּ, האָרזי, געראפּ!....

דיא טיר פון דער קיך האָט זיך געעפענט, און אין שטוב איז אַריינגעקומען פענני'ס מאן, מאָררים.

ער איז א הויכער, שמאָלער יונגערמאן פון אַ יאָהר 28, מיט א לאַנגען געלּלען פּנים, פול מיט זומער־שפּרינקלאך, און מיט רוי־טע האָאר.... ער איז אַריינגעקומען ברוגז, אָנגעבלאָזען.

—פּאפּא! פּאפּא! האָט זיך א וואָרף געטהאָן צו איהם מאַקסי, רייטענדיג אויף זיין שטעקען, — פּאפּעלע, וואו איז מיין קענדי?

— קום, מאַקסי, לאָז דיך דיא מאַמע אָנטהאָן, איך וועל דיך מיטנעהמען אין פּארק און וועל דיר קויפען קענדי....

פענני קוקט אָן איהר מאָן מיט גרויסע, פערוואונדערטע אויגען; זיא פארשטעהט ניט, וואָרום מאָריס איז אזוי פריה געקומען פון׳ם שאפּ. דאָך פרעגט זיא איהם גאָר ניט, לאָזט ווידער ארונטער דיא אויגען אויף איהר ארבייט און זיימט, און זיימט....

מאַקסי טהוט א וואָרף דעם שטעקען אָן א זייט, כאַפּט ארום מיט זיינע קינדערשע אָרעמס דעם פאָטער׳ס קניע, טוליעט צו זיין קעפּעלע און שרייט מיט התפעלות: א יא, פּאַפּאַ, וועסט מיר קויפען טשאָקאָלאד? און עפּעל און פינאַנעס אויך? דו ביזט אַ גוד פּאַפּאַ, איך ליעב דיך, און אָנקעל סעם ליעב איך אויך. ער וועט מיר בריינגען א פערדעלע, איאָ, פּאַפּאַ, אַ גוד אָנקעל, אָנקעל סעם?....

— אָלרריט, אָלרייט, מיין קינד, לאָז דיא מאַמע דיך אָנטאָן.

ווילסטו טאַקי מיט איהם געהן? (זיא האָט געוואָלט פרעגען: „וואָרום ביזטו היינט אזוי פריה פון דער ארבייט?“ און זייער פערהאַלטען זיך איינער צום אַנדערן, אין זייערע בליקען, אין זייערע קורצע פראַגען און ענטפערס האָט זיך געפיהלט א געוויסע קאַלטקייט און געצוואונגענהייט).

— יאָ, יאָ, איך מעג דאָך אויך האָבען א ביסעל פערגניגען, האָט ער געזאָגט מיט אזאַ טאָן, וויא ער וואָלט זיא וועלען א שטאָך טהאָן, און האָט צוגעלייגט: אַ׳ן אונשולדיגען פערגניגען.....

ער האָט זיך געזעצט אויפ׳ן זאָפע און האָט מיט פאַרשענדע אויגען זיך איינגעגעסען אין זיין פרוי׳ס פּנים.

— וואוהין ווילסטו מיט איהם געהן? האָט זיא געפרעגט.

— אין פּארק, אין דזשעקסאָן סטריט פּארק. וואָרום? דיר איז עס אפשר אונאַנגענעהם?

— אַך! האָט זיא ארויסגערעדט און האָט אַ דריק געטהאָן מיט׳ן פּלייצע, אַקוראַט וויא זיא וואָלט וועלען זאָגען: פון מיינטוועגען, מיין ליעבענקער, קענסטו געהן, וואוהין דו ווילסט......



**זיא איז אויפגעשטאַנען מיט א פוילקייט אין איהר גאַנצער** פיגור, האָט גענומען זוכען דעם קינד׳ס קליידער.....

— מאַמאַ! האָט געשריען מאַקסי — גיב מיר מיין נייעם העט....

זיא האָט איהם אָוועקגעזעצט אויפ׳ן זאָפע נעבען פאָטער און גענומען אָנטאָן. באַלד איז ער געזעסען אין איין העמדעל, געמאַכט מיט דיא פּיסעלאָך, האָט זיך אויסגעצויגען אויפ׳ן זאָפע און האָט גענומען שפּילען מיט׳ן פאָטער ביז וואַנען דיא מוטער האָט אין אַלמער געזוכט זיינע שיך. דער פאָטער האָט איהם געקיצעלט, מאַקסי האָט געלאַכט, זיך ארומגעוואָרפען אויבער׳ן זאָפע פון בויך אויפ׳ן רוקען און פון רוקען אויפ׳ן בויך, און האָט געדריגעוועט מיט דיא פּיסלאָך. דער פאָטער האָט אויך געלאַכט, אָבער זיין געלעכטער איז געווען א נערוועזער, א פערשטיקטער....

דיא מוטער האָט אָנגעטהאָן מאַקס׳ין, האָט פארשפּיליעט דיא שיך, און איז מיט איהם ארויס אין קיטשען וואַשען און פערקאַמען איהם.....

מאָריס האָט זיי בעגלייטעט מיט דיא אויגען. ער האָט געקוקט מיט זיינע אויגען פון הינטען אויף דיא שלאַנקע טאַליע פון זיין פרוי, אקוראַט, וויא ער וואָלט זוכען דאָרט שפּורען פון אימעצענס הענד, האָט טרויעריג א מאַך געטהאָן מיט׳ן קאָפּ, אקוראַט, וויא ער וואָלט דאָרט טאַקי דערזעהען, ארום דער טאַליע דיא שרעקליכע שפּורען, און ער האָט אַ זיפץ געטהאָן....

אַך, ווען ער זאָל עס וויסען אויף געוויס, וואָלט עס איהם, דאַכט זיך, אזוי ניט געמוטשעט! עס וואָלט גענומען א סוף, אַן ענדע דאַן.....

אָבער זיא קען זיך אזוי גוט פארמאַסקירען. אין זיין אַנוועזענהייט רעדט זיא, דאַכט זיך, גאָר מיט „איהם“ ניט.... און „ער“ איז דאַן אויך אַזוי שטיל, אַזוי אנשטענדיג....

דער „ער“ איז א יונגער־מאַן — איהרער א לאַנדסמאַן, וואָס וואָינט ביי זיי.

מיט צוויי יאָהר צוריק איז ער געקומען אין אמעריקא; פון דער צייט אָן וואָינט ער ביי מאָרים'ען, צאָהלט זיי פאר באָרד. פון דער זייט האָט מאָרים ניט לאנג געהערט, אז זיין פענני האָט מיידעלוויז געפיהרט א „ליעבע" מיט דעם זעלבען יונגענמאן, און פון דער צייט אָן קען ער ניט רוהען. אין זיין נשמה האָט זיך ערוועקט א שווערער חשד אויף זיין פרוי. ער זוכט און פאָרשט פון דער זייט, ביי איהם כאַפּט ניט קיין מוטה ארויסצוטרעטען אָפען.... ער האָט וויא עפּעס מורא צו זאָגען זיין ווייב, אז יענער זאָל פערלאָזען זיין הויז. ער האָט מורא, טאָמער וועט דיא ווייב דאן איהם ארויסזאָגען דעם אמת... אָה ווער, אז דאָס זאָל זיין דער אמת!....

דער אמת?!.... ניין, דאָס וואָלט געוועזן צו־שרעקליך. ער ליעבט דאָך איהר אזוי..... שוין־זשע איז פענני אזא פאלשע פרוי?!....

נעכטען ביי נאַכט איז פענני מיט סעם'ען און דאָס קינד אוועק שפּאציערען. זיא האָט געזאָגט מאָרי'ס'ן, אז זיא קומט צוריק אין א שעה ארום און געקומען איז זיא אהיים נאָך 12 ביי נאַכט.... פון אכט ביז12 — פיער שעה!!!! און קומענדיג אהיים, איז זיא געוועזן אויפגערעגט און ארום איהרע אויגען זיינען געוועזן רויטע פאסען, אזוי' וויא זאָל האָבען געוויינט....

א גאנצע נאַכט האָט ער ניט געקענט שלאָפען... עס האָט איהם געמוטשעט שרעקליכע אייפערזוכט און נאָך גרעסערע ליידענשאפט.... און פיהלענדיג זיא נעבען זיך, האָט זיך איהם געוואָלט אריינעסען זיך מיט זיינע נעגעל און מיט זיינע ציינער אין איהר לייב און רייסען און בייסען זיא ביז'ן בלוט און שרייען: פענני, פענני, גזלן, פאר וואָס מוטשעסטו מיך?!" אָבער אַנשטאָט דעם האָט ער זיא גענומען גלעטען און קושען, און ריידען צו איהר גוטע, צערטליכע ווערטער....

היינט א גאַנצען טאָג אין שאפ האָט ער ניט געקענט ארבייטען. ער מוז דערגעהן, וואו ער האלט אין דער וועלט!.... ער האָט זיך מישב געוועזן צו דערגעהן עס פון זיין מאקסי'ן....



ער קוקט אין קיך אויף דער מוטער און קינד. זיא שטעהט מיט'ן רוקען צו איהם און מיט'ן פנים צו מאַקסי'ן, וועלכען זיא פערשטעלט. דער ווייסער ראפער כאַפּט שטייף ארום איהר שלאַנקען קערפּער, זיא בויגט זיך צו גראציעז צום קינד און ווישט איהם מיט א האנדטוך זיין קלאָרען פנים'ל.

מאַקסי שטעהט אונגעדולדיג, דרעהט זיך און קעהרט זיך און שרייט: „דאַטס אָל, דאטס אָל!"

זיא בויגט זיך צו צו זיין אויער, זאָגט איהם עפּעס. א גליקליכע פרייד צוגיסט זיך איבער זיין פנים'ל, שפּיעגעלט זיך אָב אין זיינע גרויסע בלויע אויגען.

— א שעהנעם פערדעלע, מאַמאַ, איאַ? איך וועל שרייען: גערא‍פּ, האָרזי, געראפּ! און פּאַפּאַ וועט מיר אויך קויפען א האָרזי, וויא אָנקעל סעם, איאָ, מאַמא?

דאָס קינד שפּרינגט אונטער מיט דיא פיסעלאך פון שמחה.

— איז ער שוין פארטיג? פרעגט מאָרים אונגעדולדיג און געהט אריין אין קיך.

פענני גלייכט זיך אוים. דער פנים איז ביי איהר צוטראָגען, דיא אויגען אונרוהיג. זיא ענטפערט ניט און הויבט אָן זוכען דעם קינד'ס העט. זיא זוכט אין פראָנט־רום, אין שלאָף־צימער און אין קיך. דעם קינד'ס שטרויענע העטקע היינגט אין קיך פון אויבען אויף א צוואָק.

מאַקסי דערזעהט זיא.

— מאַמאַ, מאַמאַ! אָט איז מיין נייער העט! שרייט ער.

מאָרים נעהמט אראָפּ דיא העט און טהוט אָן אויף מאַקסי'ן, זיא געהט צו און פאררינכט איהר אויף זיין קעפּעל, קרייזט אָן מיט איהרע ווייכע צארטע פינגער זיינע לאָקען פון ביידע זייטען נעבען דיא אויערן..... נאָכדעם גיט זיא א קוק אויף מאָריסען פון דער זייט און זאָגט:

— ווען דו וואָלסט איצטער ניט געגאנגען, וואָלטען מיר פארנאַכט געגאנגען צוזאמען....

— הם, מאַכט מאָרים אונטער'ן נאָז און ווענדעט זיך גלייך צום קינד: מאַקסי, זאָג דער מאַמע: „גוד ביי" און קום!

— גוד ביי, מאַמאַ! — שרייט אויס מאַקסי, פאַררייסט זיין קעפּעל און שטעלט אָן זיינע ליפּעלאַך: — א קוש, מאַמאַ, א קוש!

זיא טהוט איהם א קוש....

מאָרים מיט'ן קינד זיינען ארויס. זיא איז אייניגע מינוט געשטאַנען נעבען טיר פערטראַכט מיט אַן אראָבגעלאָזענעם קאָפּ, אזוי וויא זיא זאָל זיך צו עפּעס צוהערען; נאכדעם איז זיא אריינגעלאָפען אין פראָנט־רום, האָט ארויסגעקוקט דורך דיא אָפּענע פענסטער אין דרויסען. מאָרים מיט מאקסי זיינען געגאַנגען אויף'ן טראָטואר. באַלד זיינען זיי פערשוואונדען. זיא האָט זיך געזעצט. א שווערער זיפץ האָט זיך ארויסגעריסען פון איהר ברוסט און איהרע טיעפע שווארצע אויגען האָבען גענומען קוקען פאר זיך מיט אנגסט.

פון מאָריסעס וואָינונג ביז דזשעקסאָן סטריט פּארק איז געווען ניט ווייט, נור עטליכע גאסען. דער קליינער מאַקסי, אין זיינע העלע קורצע הויזלאַך, מיט אַ ווייסער ווייסטעל פון אויבען, מיט זיין שטרויענע העטקע, וואָס איז געווען ביי איהם פאררוקט אויפ'ן פּאטילניצע, מיט א פריילאכען פּנים'ל, איז געלאָפען אין פּאָראויס פאר מאָריסען, האָט אונטערגעטאַנצט מיט דיא פיס־לאך, האָט געמאכט מיט דיא הענטעלאך.

מאָררים איז געגאַנגען פון הינטען מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, פול מיט פינסטערע געדאנקען.

וויא אזוי דערגעהט מען דעם אמת דורך מאַקסי? וואָס וועט זיין, אז דער שרעקליכער חשד, וואָס טאָטשעט, וויא א וואָרעם, זיין ברוסט, וועט זיך אויסלאָזען, איז אמת..... אָה, ניין, ניין, דאָס איז אונמעגליך, עס קען ניט זיין!..... שטייטש, פאר וואָס? וואָס האָט זיא צו איהם?? איז ער דען געווען אמאָל שלעכט צו איהר? דאכט זיך, ער ארבייט, ער פּראַצעוועט נור פון איהרטוועגען.... דיא נשמה זיינע, דאכט זיך, וואָלט ער איהר אָפּגעבען....



מאָרים האָט זיך געזעצט אויף אַ ביינקעל; מאקס האָט זיך געשטעלט צווישען זיינע קניע.

אין פּארק איז געווען וועניג מענשען; אייניגע פרויען האָבען ארומגעפיהרט קינדער אין קעריע־זשעס, פון ווייטען האָט געבלישצעט דער ריווער.... ביי דיא ברעגעס פון דעם בלישצענדען ריווער, אין מיטען, פון אלע זייטען, און אין אלע זייטען זיינען געגאַנגען דאמפּף־שיפען, רויטע, בלויע, ווייסע, און פון ווייטען האָבען זיי אויסגעזעהען, וויא גרויסע הייזער, וואָס שווימען אויפ'ן וואַסער.

מאָרים האָט א קוק געטהאָן אויף זיין קינד מיט אונמוטהיגע אויגען.

— מאַקסי, האָט ער ארויסגערעדט מיט אַן אויפגערעגטען קול — מאַקסי, דו האָסט מיך ליעב?

מאַקסי האָט פאררייסען זיינע אויגעלאך אויף זיין פּאָטער, האָט זיך אָנגעלענגט מיט זיינע ביידע עלענבויגענס אויף מאָרים קניע און האָט געענטפערט מיט א קינדערשער לעבהאפ־טיגקייט:

— שור, פּאפּא, איך האָב דיך ליעב. וועסט מיר קויפען א פערדעלע?

מאָרים האָט אַ מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּ: — און דיא מאַמאַ האָסטו ליעב, מאַקסי?

— דער אָנקעל סעם וועט מיר אויך קויפען א פערדעלע, און דו א פערדעלע, וועט זיין צוויי פערדעלאַך, איך וועל שרייען: געראַפּ, האָרזי, געראַפּ!....

— האָסטו ליעב דיא מאמא? האָט ווידער געפרעגט מאָרים.

— איך ליעב דיא מאמא, איך ליעב דיך און איך ליעב אָנקעל סעם, האָט אין איין אָטהעם ארויסגערעדט מאַקסי מיט א גרויסער ערנסטקייט.

— און וועמען, מאַקסי, האָסטו מעהר ליעב, מיך אָדער דיא מאַמען?....

און מאַקסי האָט געענטפערט מיט דעם זעלבען טאָן, וויא פריהער:

— איך ליעב דיך און דיא מאמע און אָנקעל סעם.

— פאַר־וואָס האָסטו ליעב אָנקעל סעם, מאַקסי?

— אָנקעל סעם וועט מיר קויפען א פערדעלע, און מאקסי האָט צוגעלייגט: און דו א פערדעלע, איך האָב דיך אויך ליעב.

מאָריס איז אויף א ווײַלע אנשוויגען געוואָרען און האָט ארונטערגעלאָזען דעם קאָפּ.

— מאַקסי, האָט ער ארויסגערעדט מיט אַ הייזעריגליך קול, אַקוראט וויא אין האלז וואָלט איהם ברענען: — מאַקסי, האָט דער.... דער אָנקעל סעם. — ער האָט מיט מאטערנים ארויסגערעדט איצטער זיין נאָמען — דיר געקויפט נעכטען קענדי?

— טשאָקאָלאַד, האָט געענטפערט מאַקסי.

— האָט ער געגעבען דער מאַמע אויך טשאָקאָלאַד?

— אפולע טשאָקאָלאַד האָט ער געגעבען דער מאַמע און מיר האָט ער אויך געגעבען א פולע טשאָקאָלאַד, א גוד אָנקעל, איאָ, פּאַפּאַ?

— וואו זייט איהר געזעסען, מאַקסי?

מאקסי האָט זיך א כאַפּ געטהאָן, האָט אריינגעשפּארט א פינגעריל אין מויל; זיינע טיעפע בלויע אויגען האָבען גענומען קוקען שעלמיש און ער האָט אַ דרעה געטהאָן מיט דיא פּלייצקעס.

— וואָס שווייגסטו, מאַקסי?

מאָריסען האָט א קלאַפּ געטהאָן אין הארצען.

— איך וועל ניט זאָגען, — האָט מאקסי ארויסגערעדט שטיל, ארויסנעהמענדיג דעם פינגער פון מויל און ארונפּלאָזענדיג דיא אויגען.

— וואָס וועסטו ניט זאָגען? האָט דער פאָטער געפרעגט מיט א ציטערענדיגען קול.

— איך וועל ניט זאָגען; אָנקעל סעם וועט מיר ניט קויפען קיין פערדעלע....



מאָריסען האָט אַ ברען געטהאָן אין מח; ער האָט אַ כאַפּ געטהאָן מאַקסי פאר א האנד.

— מאַקסי, האָט ער געזאָגט, און דיא ווינקלען פון זיינע ליפּען האָבען זיך אויסגעקרימט, וויא פון א שרעקליכען וועה־טאָג: — מאַקסי, מיין קינד, איך וועל דיר קויפען אפולע פערדע־לאך, אפולע! זאָג, דו טאָרסט ניט ליגען דיין פּאפּא!

— וועסט מיר קויפען צוויי פערדעלאך, פּאפּא?....

— יא, מיין קינד, יא, יא, נאָר זאָג.... האָט ער אויסגעשריען הייזעריג און אין דער זעלבער צייט האָט אין זיין הארצען געצי־טערט און געקרעכצט א געהיימע שטיממע: נור ניט דאָס, מאַקסי, זאָג!.... נור ניט, אז דיין מאַמע האָט עפּעס געהאט צו טהאָן מיט יענעם.... מאך ניט אונגליקליך דיין פּאפּא!....

— איך וועל דיר זאָגען, א יאָ, פּאפּא, מען טאָר ניט לייגען א פּאפּא? איך וועל זיין א גוד באָי..... דו וועסט מיר קויפען אפולע פערדעלאך?..... האָט געזאָגט מאַקסי, לאסצענדיג זיך צו זיין פאָטער.

— נו, זאָג־זשע, מאקסי!....

— איך וועל זאָגען.

— וואו זייט איהר נעכטען געוועזן? אָט דאָ?

— יא, אָט דאָ, פּאפּא.

— וואָס האָט געטהאָן דיא מאמע?

מאַקסי האָט זיך א כאַפּ געטהאָן מיט א לעבהאפטיגקייט.

— דיא מאַמע האָט געוויינט און איך האָב געוויינט.

— געוויינט!?....

— יא, און אָנקעל סעם האָט איהר געווישט דיא אויגען מיט א הענקעווטשע און האָט זיא געקושט, א גוטער אָנקעל, א יאָ, פּאפּא?

אינדיעזער מינוט האָט אַ שיף א ברוםגעטהאָן. מאָריסען האָט זיך אויסגעוויזען, אז דיזער שרעקליכער געשריי האָט זיך עס ארויסגעריסען פון זיין נשמה.... אין דיא אויערן האָבען ביי איהם געקלונגען, פאר דיא אויגען האָבען געטאַנצט שווארצע פּאסען;

ער האַט א כאַפּ געטהאַן מאַקסי׳ן צו זיך, האַט איהם צוגעדריקט צום הארצען און האַט צוגעשפּארט זיין הייסען שטערן צו מאַקסי׳ס פּנים׳ל, און מאַקסי האַט געפיהלט, וויא אויף זיין פּנים׳ל פאלען הייסע זודיגע טראַפּענס און קייקלען זיך און קייקלען זיך....



# רחל׳ע דיא שטומע.

איהר נאָמען איז געוועזן רחל׳ע. דיעזן נאָמען אָבער האָט זיא אליין קיינמאָל ניט געהערט. זיא איז פון געבורט־אָן גע־וועזען א שטומע.

איהרע עלטערן זיינען געוועזן גוט אָפּ, האָבען געהאלטען א סאלאָן אין האָבאָקען, האָבען געוואָהנט איבער איהם אויפ׳ן צווייטען פלאָר.

רחל׳ען האָבען זיי ליעב געהאט, געלייגט אויף איהר גרויס רחמנות, וועלכער איז געוואַקסען וואָס א יאָהר אלץ שטאַרקער און שטאַרקער. איינמאָל — זיא איז דאן אלט געוועזן 9 יאָהר — האָט מען דיא עלטערן געראטהען אָבצוגעבען איהר אין אַן אַנ־שטאַלט פיר שטומע. זיי האָבען זיך אָבגעזאָגט עס צו טהאָן: „גענוג צער איז שוין אויף איהר אזוי אויך; אָפּרייסען נאָך איהר פון דיא עלטערן!“

און זיא איז געוואקסען אין איהר עלטערנס הויז, וויא א יונגע בוימעלע אויף פרוכטבארע ערד. זיא איז געוועזען א שעהן קינד, מיט בלאָנדע האָאַר, מיט בלויע אויגען און מיט א ווייסען לעבהאפטען פּנים׳ל. ווען זיא פלעגט שטעהן מיט איהרע חבר׳טעס אין דרויסען, איז שווער געוועזן נאָך איהר צו דערקענען, אז זיא איז א שטומע. א גוטע אויג נור האָט געקענט כאפּען אויף איהר פּנים א בעזונדערען אויסדרוק, וועלכען מען האָט ניט געקענט זעהען ביי איהרע חבר׳טעס, א מין ווילדען האלב־טהירישען אויס־דרוק. זיא האָט גערעדט מיט דיא פינגער, מיט דעם פּנים, מיט דיא אויגען און מיט׳ן גאנצען קערפּער. ווען זיא פלעגט אויסדריקען א

שמחה, פלעגט זיא קוויטשען, וויא א יונג הינטעלע, אויף דער אויבערשטער אָקטאַווע, האָט געמאכט מיט דיא הענד און מיט דיא פּלייצקעס, פלעגט אונטערשפּרינגען אויף דיא פיסלאך. איהרע אויגען און איהר גאנצער פּנים פלעגען דאן שטראהלען פון פרייד. ווען זיא פלעגט אויסדריקען אַן אונצופרידענהייט, פלעגט זיא נעהמען שרייען מיט א שניידענדיגער שטימע, וועלכע פלעגט קלינגען מיט אונאנגענעהמע טענער! ע־עדא! ע־ע־ע־דא! אויף איהר שטערן, נעהנטער צום נאָז, פלעגען זיך אָוועקלייגען צוויי קנייטשען, איהרע ברעמען פלעגען זיך אויפהויבען ארויף און אין איהרע בלויע אויגען און אויפ׳ן גאנצען פּנים פלעגט שאַרפער ארויסטרעטען דער ווילדער האלב־טהירישער אויסדרוק.

אין איהרע קינדהייטס־יאָהרען איז זיא זעלטען אָבער ווען געוועזען אונצופריעדען. דיא חבר׳טעס האָבען איהר נאָכגעגעבען, ווייל זיי האָבען געוואוסט פון זייערע עלטערן, אז רחל׳ע איז נעבעך אַן אונגליקליכע.... קינדער, ריינע הערצער, האָבען, ערשטענס, מיטלייד מיט דיא אונגליקליכע... ווידער האָבען דיא קינדער איהר נאָכגעגעבען אויס מורא: ווען זיא פלעגט נעהמען שרייען פון כעס און ווען אויף איהר פּנים פלעגט שארף ארויסטרעטען דער טהירישער אויסדרוק, פלעגען זיי זיך דערשרעקען און צולויפען.

אין דער היים האָט איהר נישט געפעהלט. עסען און טרינקען איז געוועזען גענוג. קליידען האָט מען זיא אויך געקליידט צוגלייך מיט דיא איבעריגע קינדער, און קיין אנדערע פאָרדערונגען האָט זיא נאָך ניט געהאט.

איינמאָל נור האָט זיך אין איהר נשמה ערוועקט א מין קנאה צו איהרע חבר׳טעס, וועלכע זיינען געגאנגען אין שוהל.

זיא איז צוגעגאנגען צו איהר פאָטער מיט א בוך, האָט איהם אויפגעפּענט און, טייטלענדיג מיט׳ן פינגער אויף דיא שווארצע שורות, האָט זיא געוויזען מיט א האנד אויף דרויסען, צום פּלאטץ פון דער קינדער־שולע.

דער פאָטער איהרער ,א קורצער, דיקער איד מיט שווארצע באקענבארדען און מיט א בלויער געגאָלטער מאָרדע, איז געשטאַ־



נען הינטער׳ן סטאָיקע אָנגעשפּאַרט מיטן רוקען אָן וואנד, צווישען דיא פעסלאך ברענדי און וויסקי, און האָט געקוקט אין דרויסען. זיין פרוי, א הויכע, דארע אידענע, מיט בלאָנדע האָר, איז געזעסען ניט ווייט פון איהם אויף א שטוהל און האָט געלאטעט א העמד.

— וואָס, רחל׳ע? האָט געפרעגט דער פאָטער.

—באַ־באַ־באַ! האָט זיא געקלאַפּט שטאַרק מיט׳ן פינגער אויף דיא שווארצע שורות, קוקענדיג אויף׳ן פאָטער מיט בעטענדיגע אויגען.

דער פאָטער האָט איהר נישט פערשטאַנען.

— וואָס וויל זיא, חנה? האָט ער געפרעגט זיין פרוי.

דיא מוטער האָט א קוק געטהאָן אויף רחל׳ען, האָט צו איהר א ווינק געטהאָן מיט דעם קאָפּ: וואָס ווילסטו?

— באַ־באַ־באַ! האָט רחל׳ע גענומען קוויטשען אויף דער העכסטער אָקטאַווע, האָט א מאך געטהאָן מיט׳ן האנד צום דרויסען צו, האָט צוגעלייגט דיא האנד צום הארצען, און כאַפּענדיג דאָס בוך איז זיא צוגעלאָפען צו דער מוטער און קלאַפּענדיג מיט׳ן פינגער אויף דיא שורות, האָט זיא געקוויטשעט: עה־ע־ע־דא! ע־ע־ע־דא!....

— זיא איז שוין אין כעס! האָט דער פאָטער געזאָגט, וואָס וויל זיא?

— הא! האָט זיך דיא מוטער געכאַפּט, דאָס וויל זיא הפּנים צייגען, וויא אזוי זיא קען גוט לעזען.

— אויף אונזער שכן סאליוואַן געזאָגט געוואָרען, זאָל ער דאָס לייזען אין זיין סאַלאָן, וואָס זיא קען נעבאך דאָרט לעזען! האָט דער פאָטער געזאָגט און האָט זיך געווענדעט צו רחל׳ען, האָט איהר צערטליך א גלעט געטהאָן איבער דיא האָר און האָט ארויסגערעדט, מאכענדיג צו איהר מיט׳ן קאָפּ און מיט׳ן האנד: גוט, גוט, מיין קינד.

זיא האָט זיך א ביסעל בערוהיגט און פיהרענדיג מיט דיא פינגער איבער דיא שווארצע בוכשטאבען, האָט זיא רוהיגער כלומרשט געלעזען: באַ־באַ־באַ....

פלוצים האָט זיא זיך אָפּגעשטעלט, האָט אָנגעקוקט דעם פּאָטער מיט איהרע בלויע אויגען, און צוגעלייגט דעם פינגער צום מויל, דערביי האָט זיא ארויסגעשטעלט איהר צינגעל, האָט ארויסגעלאָזען א טאָן — ע־ע־! און האָט מיט בעדויערן גענומען מאכען מיט'ן קאָפּ, וויא איינער זאָגט: „איך וועל שוין קיינמאָל ניט קענען" און איז ארויסגעלאָפען אין דרויסען.

דער פּאָטער האָט א זיפץ געטהאָן, דיא מוטער האָט א קרעכץ געטהאָן.

רחל'ע האָט שוין מעהר ניט גענומען קיין בוך אין האנד, האָט זיך שוין מעהר ניט געסטאַרעוועט צו לעזען....

* * *

רחל'ע האָט ליעב געהאט צו טאַנצען. וויא זיא פלעגט נור דערזעהען, אז א מאַן דרעהט א שאַרמאַנקע, פלעגט זי זיך גלייך נעהמען דרייען, שפּרינגען, טאַנצען.... קיין מעלאָדיע, קיין טענער האָט זיא ניט געהערט — פיר איהר איז דער גרעסטער גערויש פון א בייטאָג געווען פיעל שטילער, וויא פיר אונז דער אָטהעם פון דער שטילסטער נאכט.... זיא האָט נור נאָכגעטאָן איהרע חבר'טעס אין דעם. יענע פלעגען אויך נעהמען שפּרינגען, וויא נור א מאַן פלעגט זיך אוועקשטעלען אזוי דרעהען „אזא זאך".

דער ווינטער פלעגט קומען, דיא פרעסט, דער שנעע.... פון ווייטען פלעגען דיא בערג אויסקוקען וויים, וויים, דיא בוימער נאַקעט, אָהן בלעטער, מיט ווייסינקע קופּקעלאך אויף דיא צווייגען, וויא גרויסע שטיקלאך צוקער... דער הימעל רויט, וויא פייער.... דאָרט, וואו דיא עלעקטריק־קאר לויפט, איז דער שנעע אָפּגעראמט.... ביי דיא זייטען, אויף דיא טראָטוארס, ליגט שנעע.... און פון'ם פראָסט פינקעלט ער און בליסצעט, וויא אויסגעשאָטענע בריליאנטען.... רחל'ע פליהט איבער'ן טראָטואר מיט עטליכע



חבר'טעס, אלע אויף שטאָלענע פּאַדרעזען. זיא סטאַרעוועט זיך זיי אלעמען אריבעריאָגען.

זיא טהוט זיך א גליטש מיט דער רעכטער פוס, טהוט זיך א וואָרף מיט דער רעכטער פלייצע, כאפּט אונטער מיט דער לינקער פוס און פלייצע און ווארפט זיך רעכטס — לינקס — רעכטס — לינקס און פליהט, פליהט.... דיא בעקעלעך ברענען, דיא אויגען בליסטשען, זיא קוויטשעט מיט אזא פערגניגען און לאכט, לאכט... דיזען פערגניגען בעגרייפט רחל'ע פונקט אזוי, וויא איהרע חבר'טעס....

דער זומער פלעגט קומען.... רחל'ע האָט פון איהם אויך פערגניגען געהאט. עס איז געווען הייס און מען פלעגט עסען אייזקרים. זיא האָט עס אזוי ליעב געהאט. דערצו האָט זיא זיך געקענט שפּיעלען מיט דיא חבר'טעס אין פּארק אונטער דיא בוימער, האָט זיך געקענט שעהנער אויספּוצען, און ווען עס פלעגט זיך נאָך א מאָל טרעפען, אז זיא מיט איהר פאמיליע פלעגען אוועקפאָהרען אויף א טאָג ערגעץ ווייט, ווייט, וואו עס זיינען דאָ פיעל בוימער, וואו דיא גראָז איז הויך און מען קען זיך פריי איבער איהר קייקלען, דאַן איז זיא געווען איבער גליקליך.....

זיא האָט נאָך ליעב געהאט דעם זומער דערפאר, ווייל דאַן פלעגען איבער דיא גאסען ארומגעהן פיעלע קאָמפּאַניעס פון וואנדערנדע מוזיקאנטען.

דיא מוזיקאנטען פלעגען זיך אָבשטעלען נעבען א הויז אָדער א סאלאָן, ארום זיי פלעגען זיך ארומקלייבען א חברה יונגוואַרג, מעהרסטענס מיידלאך. רחל'ע פלעגט זעהען, וויא דיא מוזיקאנטען בלאָזען מיט דיא ליפּען אויף דיא טרובעס, גלאָצען מיט דיא אויגען, בלאָזען אויף דיא באקען, ווערען רויט, רויט...... איינער, וועלכער האַלט א פלייטע נעבען דיא ליפּען, פיהרט איבער דיא פלייטע מיט דיא פינגער, דאָ אויבען, דאָ אונטען..... איינער שטעהט מיט א פידעל אונטער'ן האלז, פיהרט מיט א שטעקעלע איבער דיא סטרונעס און טופּעט צו מיט'ן פוס.....

רחל׳ען פלעגט דיעזע גרופּפּע אויסווייזען מאָדנע קאָמיש, זיא פלעגט ארויסלאָזען א פרייליכען קוויטש און פלעגט אונטערשפּרינגען. פלוצים האָבען זיך די מיידלאך גענומען דאָרט דרעהען און טאַנצען, רחל׳ע הויבט אויך אָן צו טאַנצען און אום ארויסצוּווייזען איהר ענטציקונג, לייגט זיא צו איהר קולאק צו דיא ליפּען, בלאָזט אויף איהם מיט אַלע קרעפטען און טאַנצט.

אזוי איז רחל׳ע געוואקסען, געוואָרען עלטער און מיט יעדען יאָהר שעהנער. צו צוואַנציג יאָהר איז זיא געווען א שעהנע שלאַנקע בלאָנדינקע, א געזונטע, בלוט און מילך....

פון איהרע חבר׳טעס איז קיינער ביי איהר שוין לאנג ניט פערבליבען. יעדע פון זיי איז שוין לאנג געווען פערנומען מיט איהר ארבייט, מיט איהר „פעלאָו“, מיט איהר ליעבע. און וואָס פאַר אַן אינטערעס האָבען זיי געקענט האָבען אין דער שטומער רחל׳ע?

רחל׳ע האָט עס געפיהלט, און ווען זיא פלעגט באַגעגענען איהרע אַ׳ן אמאָליגע חבר׳טע, פלעגט זיא איהר אָנקוקען מיט טרויעריגע אויגען, אזוי וויא מיט א פאָרוואורף.

איבערהויפּט האָט זיך רחל׳ע געפיהלט אונגליקליך אין דער געזעלשאַפט פון יונגע לייט .ווען איהר פלעגט אויסקומען צו זיצען ערגעץ וואו אין א געזעלשאַפט ביי איהר פאָטער׳ס פריינד און דאָרטען זיינען אויך געווען יונגע לייט, פלעגט זיא זיך פיהלען אונגליקליך. דיא יונגע לייט פלעגען אויף איהר קוקען מיט נייגעריגקייט, אָבער נור קוקען, און איהר האָט זיך אזוי געוואָלט, אימיצער פון זיי זאָל זיך זעצען נעבען איהר נעהנטער, אזוי וויא נעבען אַ נ אַ נ ד ע ר  מ י י ד ע ל און זאָל ריידען צו איהר...

מאַנכעס מאָל פלעגט זיך איהר טרעפען צו זיין אין א געזעלשאַפט, וואו עס זיינען אויך געווען מיידלעך. דאַן האָט זיא געפיהלט איהר אונגליקליכע לאַגע פיעל שאַרפער. א סך מאָל, פלעגט זיך טרעפען, פלעגט איהר נעהמען שטיקען א משוגענער כעס אויף דיא מיידלעך, אויף דיא יונגע לייט.... זיא פלעגט זיך אויפהויבען און אוועק אַ היים. דאָרט פלעגט זי ארויסווייזען איהר



כעס, און דער ווילדער האַלב־טהירישער אויסדרוק פלעגט דערביי ארויסטרעטען זעהר שאַרף אין איהרע אויגען און אויף איהר פנים.

אין איהר האָט גענומען ריידען דיא אונבעפריעדיגטע פרוי, וואָס פיהלט איהרע אייגענע ערנידערונגען אין דיא ערפאָלגען פון אַנדערע פרויען... אין אַזעלכע מינוטען האָט מען זיא געקענט פערגלייכען צו אַ פייגעלע, וואָס זיצט פערשפּאַרט זומערצייט אין אַ שטייגעל נעבען אַן אָפענעם פענסטער, וועלכע גייט ארויס צו אַ שיינעם גאָרטען צו. דיא גאָלדענע זונן גיעסט איהרע ווארימע שטראַהלען ארום, דיא בוימער בליהען, פויגעלאך טשריקען פריילאך, שפּרינגען פון איין צווייגעל אויפ׳ן אַנדערן, יאָגען זיך איינער נאָכ׳ן אַנדערען, פּיקען זיך אין דיא קעפּעלאך...

דיא פערשפּארטע פייגעלע, נעבאַך, רייסט זיך אויך צו דער ליכטיגער זונן, איהר ווילט זיך אויך וויגען אויף אַ גרינעם צווייגעלע, איהר ווילט זיך אויך אַ שטיף טהאָן מיט אַ פייגעלע, אַ פּיק טהאָן איהר אין קעפּעלע, און ווי נור זיא טהוט א הויב איהרע פליגעלאך, אזוי באַלד פיהלט זיא איהר תפיסה, אז זיא איז פערשפּארט, פערשפּארט, פערשפּארט....

* * *

איין מאָל איז רחל׳ע געקומען מיט׳ן פאָטער אויף אַ חתונה פון זייערען אַ פריינד. דער זאַל איז געווען העל בעלויכטען, מוזיק האָט געשפּילט, פּאָרלאַך האָבען זיך געדרעהט, געטאַנצט.

רחל׳ע איז אריין אין זאַל אָנגעטאָן אין אַ ווייסער קלייד, בעפּוצט מיט פרישע בלומען. דיא בלאָנדע האָאר זיינען געווען שעהן פערלייגט אַהינטער. דיא בלויע אויגען האָבען געשטראַהלט פון פערגניגען. איהר פנים און איהר גאנצע שלאנקע פיגור האָט געאָטהעמט מיט פרישע, יוגענדליכע שעהנהייט.

זיא האָט זיך אָפּגעשטעלט קוקען אויף דעם טאַנצענדען עולם. מיט איינמאָל איז צו איהר צוגעלאָפען אַ יונגער מאַן, אַ׳ן עלעגאנט אויסגעפּראַנטעוועטער, מיט שווארצינקע, פארדרייהטע וואָנצעס. ער האָט זיך העפליך, מעשה טאַנץ־קלאַס־העלד, פערנייגט

פאר איהר, האט איהר דערלאנגט דיא האנד. זיא איז אוועק מיט איהם טאנצען...

און זיא האט זיך געפיהלט אזוי גליקליך, טאנצענדיג מיט אזא שעהנעם יונגען מאן!...

זיא איז איהם געווען אזוי דאנקבאר, אז זיא וואלט איהם אלעם אוועקגעגעבען פיר דיעזער גליקליכער מינוט. זיא האט געפיהלט ארום טאליע זיין האנד, און א זיסער שוידער האט דורכגענומען איהר לייב, און זיא האט זיך פעסטער צו איהם צוגעדריקט....

און פלוצים האט זיא דערפיהלט אויף איהרע באקען זיין הייסען אטהעם. זיא האט אויף איהם אויפגעהויבען איהרע אויגען און האט דערזעהען זיינע ליפען, וויא זיי מאכען צו איהר, מאכען... זיא האט א קוק געטהאן איהם אין דיא אויגען. ער האט געלאכט, און זיינע ליפען האבען געמאכט דערוויילע צו איהר עפעס... פיעלייכט האט ער איהר געזאגט, וויא שעהן זיא איז, וויא זיא איז איהם געפעלען.... פיעלייכט האט ער געפרעגט ביי איהר, וואו זיא וואוינט, אום צו קענען זיך מיט איהר זעהען ווידער א מאל, פיעלייכט, פיעלייכט... אין איהרע אויגען האט זיך אויסגעמאלט א צער, א געבעט צו איהם. א רויטער פארב האט זיך צוגאסען איבער איהר פנים; זיא האט זיך אליין פערשעהמט מיט איהר אונגליק...

דער יונגער מאן האט פערוואונדערט זיא אנגעקוקט, האט צוגעלייגט דעם פינגער צום מויל, האט א קוק געטהאן אויף איהר מיט פראגענדע אויגען און האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

זיא האט געענטפערט מיט א שאקעל מיט'ן קאפ.

דאן האט דער יונגער מאן, וויא אן איבערגעשראקענער, זיא אין דער גיך אפגעפיהרט אויף אן ארט און איז פערשוואונדען, ניט זעגענדיג זיך אפילו מיט איהר. זיא האט געזעהען, וויא ער האט א כאפ געטהאן א מיידעל און איז אוועק מיט יענער טאנצען. זיא האט גענומען ציטערן מיט'ן גאנצען קערפער און האט פערדעקט דעם פנים מיט דיא הענד. זיא האט געפיהלט, אז אינווייניג



ווערגט זיא עפעס, און שטיקט און דריקט, און איהר ווילט זיך שרייען....

זיא איז ארייגגעלאפען אין דרעסינג־רום, האט אין דער גיך אנגעטאן איהר הוט און מאנטעל, צוריק ארויסגעלאפען אין טאנץ זאלל, האט גענומען זוכען איהר פאטער. זיא האט איהם דערזעהען אין א ווינקעל ריידענדיג מיט אימיצען און האט איהם מיט א נערוועזער בעוועגונג אנגעכאפט פאר'ן האנד און גענומען שלעפען אהיים, בלישצענדיג בייז מיט די אויגען און קוויטשענדיג: עדא! עדא!...

ווען רחל'ע איז געקומען אהיים, האט זיא מיט כעס אראבגעווארפען פון זיך דיא הוט און דעם מאנטעל און האט גענומען לויפען איבער'ן שטוב הין און צוריק, ברעכענדיג מיט דיא הענד און קלאגענדיג פיר־זיך מיט א קול, וועלכער איז געווען עהנליך צו דעם וואויען פון א קליין הינטעל.

דער פאטער און מוטער האבען זיא געוואלט בערוהיגען. דאס האט זיא נאך מעהר אויפגערעגט.

— רחל'ע, טאכטערקע! איז צו איהר צוגעגאנגען דיא מוטער און האט איהר א גלעט געטהאן איבער דיא שעהנע האאר.

— עדא! עדא!... האט זיא א געשריי געטהאן, אפשטויסענדיג פון זיך דיא מוטער און טאפטשענדיג מיט דיא פיס: — עדא!...

פלוצים האט זיא ארויסגעכאפט דיא בלומען פון איהר קלייד, האט זיי א שליידער געטהאן פון זיך, האט זיך אנגעכאפט פאר דיא האאר, האט זיי גענומען רייסען מיט א געשריי לויפענדיג איבער'ן שטוב. דער פאטער איז צו איהר צוגעלאפען, דיא מוטער האט זיא אנגעכאפט פאר'ן ארעם. זיא האט זיך געריסען פון זייערע הענד און געשריען: עדא! עדא! מיט ווילדע קולות.

מען האט זיא קוים בערוהיגט. ווען זיא האט זיך בערוהיגט א ביסעל, האט זיא גענומען אויסגיסען פאר דער מוטער איהר הארץ. זיא האט זיך אוועקגעשטעלט אין מיטען שטוב, האט זיך אויסגעגלייכט מיט'ן גאנצען קערפער, וועלענדיג ווייזען, וויא

שלאנק דער יונגער מאן איז געווען, האט א דרעה געטהאן מיט'ן האנד ארום דיא ליפען — א סימן, אז ער האט געהאט שעהנע וואנצעס. האט זיך א קעהר געטהאן מיט'ן רעכטען האלבען פנים און פלייצע, ד. ה. זיי האבען גענומען טאנצען. האט זיך א גלעט געטהאן מיט'ן האנד איבער'ן ברוסט, ד. ה. עס איז איהר געווען א מחיה. האט גענומען מאכען מיט דיא ליפען: בא, בא, בא, ד. ה. ער האט צו איהר גענומען ריידען. האט צוגעלייגט דעם פינגער צום מויל און צום שטערן, ד. ה. ער האט דאן פערשטאנען, אז זיא איז שטום, איז צוגעגאנגען צו דער מוטער און איהר א שטויס געטהאן פון זיך מיט ביידע הענד, ד. ה. ער האט זיא פון זיך אפגעשטויסען.... און צייגענדיג עס דער מוטער, האט זיא זיך געטרייסעלט מיט'ן גאנצען קערפער. דאן האט זיא זיך א ווארף געטהאן מיט'ן פנים צו דער מוטער אויפ'ן ברוסט און האט גענומען וויינען מיט פערשטיקטע, רחמנות'דיגע טרערען...

מען האט זיא קוים בערוהיגט, געבענדיג איהר צו פערשטעהן, אז מען וועט פיר איהר קריעגען א שעהנעם חתן....

* * *

און א חתן האט זיך ווירקליך באלד געמאכט.

איין מאל איז צו זיי געקומען פון ניו־יארק א לאנדסמאן און האט דערצעהלט, אז אין נוי־יארק פלאגט זיך ארום א פיינער בחור'ל, נאך א גרינער, פון זייער אייגענע שטאדט. דער בחור'על איז ערשט זעקס מאנאטען אין לאנד, האט געארבייט אין א פיינט פעקטארי, און איז קראנק געווארען. אצינד פלאגט ער זיך נעבעך ארום אהן א פעני ביי דער נשמה. פיר רחל'ען וואלט דער בחור'ל געווען א גרייליכער שידוך.

רחל'ס פאטער איז אוועקגעפאהרען אין נויארק, האט געזעהען דעם בחור'ל, און ער איז איהם שטארק געפעלען געווארען. ער האט איהם מיט זיך געבראכט א היים. דער בחור'ל איז אויך געפעלען געווען רחל'ען און איהר מוטער.

דאס איז געווען א שלאנקער יונגער מאן פון א יאהר 22, מיט א בלייכען פנים, מיט גרויסע בליסטשענדיגע אויגען, מיט



א הויכען, ווייסען שטערן אונטער גערדיכטע, שווארצע, וויא סאמעט, האאר. ער איז געווען אויסגעמאטערט, שוואך, האט געהוסט, האלטענדיג זיך פאר'ן ברוסט. ער איז געווען קראנק, דאס האבען אויך געזעהען אי רחל'ס עלטערן אי רחל'ע אליין.

רחל'עס עלטערן אבער האבען געהאפט, אז ער וועט זיך אויסרוהען, ווען מען וועט איהם גוט צוזעהען, אנן ער וועט געזונד ווערען. רחל'ע האט איהם א קראנקען נאך מעהר ליעב געהאט, וייל זיא האט אויף איהם רחמנות געהאט....

זיא האט זיך גיך צו איהם צוגעבונדען. דעם יונגען מאן האט זיך דער שידוך געדאכט פשוט א גליק: ער האט זיך אזוי פיעל אנגעפלאגט, אנגעמוטשעט, ער איז געווען דא אזוי עלענד, קראנק, דערצו נאך האט ער געהאט א ווארעמע נשמה, וואס נויטיגט זיך אין ליעבע, אין לאסקעס באטש פון ווענען עס איז...

אפזייענדיג א מאנאט מיט רחל'ען אין איין הויז און פיהלענדיג איהרע לאסקעס, איז ער געווען איהר זעהר דאנקבאר און דיא דאנקבארקייט אין אזוינע פעלע איז שוין האלב ליעבע.

און זיא האט זיך מיט איהם געפיהלט גליקליך, האט געקוקט איהם אין דיא אויגען, וויא א הונד צו זיין בעל הבית, האט איהם צוגעזעהען מיט עסען און מיט טרינקען. ווען ער פלעגט זיך פאנאנדערהוסטען און ווען זיא פלעגט דערזעהען, וויא זיין פנים צוקארטשעט זיך פון וועהטאג און וויא ער דריקט דיא ברוסט מיט ביידע הענד, פלעגט זיא צו איהם צולויפען מיט א קרעכץ, פלעגט נעהמען איהם גלעטען מיט איהרע גלאטע, ווארעמע הענד איבער דיא האאר, איבער'ן שטערן, איבער דיא באקען, פלעגט איהם ווישען מיט איהר טיכעל דיא ליפען, פלעגט איהם דערלאנגען א גלאז מילך, נעהמען איהם בעטען מיט רחמנות'דיגע טענער, ער זאל טרינקען. און ווען ער פלעגט טרינקען האבען איהרע אויגען געקוקט אויף איהם מיט גליק און מיט פרייד...

יעדען טאג האט ער געלעזען א אידישע צייטונג און ווען ער פלעגט לעזען, פלעגט זיא זיך זעצען אויף דער ערד נעבען זיינע פיס, פלעגט אוועקלייגען איהר קאפ אויף זיינע קניע און פלעגט

צומאכען דיא אויגען. אויף דיא ליפען פלעגט ביי איהר דאן שפיעלען א שמייכעל פון גליקזעליגקייט. פיעל מאל פלעגט זיא אין מיטען־דעראינען אויפשפרינגען אויף דיא פיס, פלעגט א ריס טהאן פון זיינע הענד די צייטונג און פלעגט זיך מיט ביידע ארעמס ארומכאפען ארום זיין האלז, פלעגט זיך דריקען צו איהם מיט'ן ברוסט און מיט'ן גאנצען קערפער און פלעגט איהם נעהמען קושען. דאן פלעגט זיא אבשפרינגען פון איהם אין מיטען שטוב, פלעגט זיך נעהמען דרייהען, שפרינגען און טאנצען, לאכענדיג מיט איהר אייגענארטיגען געלעכטער. א מאל פלעגט זיא אויך צולויפען צו איהם, מעשה קאקעטקע, פלעגט איהם אויסשטעלען א באק, פלעגט כיטרע ווינקען צו איהם מיט דיא אויגען: א קוש, א קוש.... ער פלעגט איהר א קוש טהאן, און צו איהר גליק איז דאן ניט געווען קיין גרענעץ....

ווען זיא פלעגט ארויס געארמט מיט איהם שפאצירען אין פארק, דאן ערשט האט זיא געפיהלט דאס גליק אין פולען מאס. זיא האט געטראטען שטאלץ, פלעגט איהם ארייננקוקען אין דיא אויגען מיט ליעבע און זיא האט שטארק געוואלט, אז דיא גאנצע וועלט זאל זיא אזוי זעהען מיט איהם, וויא זיי געהען געארמט, וויא זיי ליעבען איינער דעם אנדערען....

אין צוויי מאנאטען ארום איז ביי זיי געוועז תנאים.

דער חתן האט זיך ניט געפיהלט בעסער, ער האט אלץ געהוסט מיט א טרוקענעם הוסט.

עס איז געקומען דער הערבסט מיט זיינע וואלקענס, מיט זיין רעגען און מיט זיין יאמערדיגען ווינד. דער חתן האט געפיהלט אלץ ערגער, ער האט זיך אוועקגעלייגט אין בעט. דער דאקטאר, וועלכער האט איהם בעזוכט יעדען טאג, האט ניט געזאגט וועגען זיין קראנקהייט, פלעגט פערשרייבען דעם רעצעפט און אוועקגיין. רחל'ע האט ניט אפגעטראטען פון דעם קראנקען'ס בעט ניט אויף איין מינוט. ביי זיינע פיס איז זיא געזעסען טאג און נאכט, דארט האט זיא אויך געשלאפען. פיעלע מאל, אין מיטען נאכט,



פלעגט זיא צופאלען מיט'ן פנים צו זיינע פיס און פלעגט קרעכצען, קרעכצען...

* * *

איינמאל ביינאכט איז זיא געזעסען נעבען קראנקען אויפ'ן בעט, איהר פאטער איז געזעסען אויף א שטוהל אין מיטען שטוב און האט געכראפעט. דער קראנקער האט זיך געפיהלט זעהר שלעכט. איבער דיא פענסטער פון דרויסען האט געקלאפט א רעגען, וויא א האגעל, א ווינד האט געיאמערט.

רחל'ע האט געקוקט אויף איהר חתן, וועלכער האט שווער געאטהעמט, האט איהם מיט א טיכעל געווישט דעם שוויים פון שטערן. מיט איינמאל האט דער קראנקער זיא אנגענומען מיט א קאלטער, פייכטער האנד און האט אויסגערעדט, שווער אטהעמענדיג:

רחל'ע, איך שטארב! דוא האסט מיך ליעב... מיין מאמע האט מיך אויך ליעב... זיא איז ניטא... זיא איז אין דער היים... ווארט אויף מיין בריעף.... רחל'ע, איך האב אייך ביידע ליעב.... איך שטארב....

רחל'ע האט איהם פערשטאנען, האט גענומען איהם גלעטען דיא האאר, דאן איז זיא צוגעפאלען צו זיין ברוסט און האט גענומען קלאגען... פלוצים האט זיא דערפיהלט, וויא דער קראנקער האט זיך אונטער איהר א צאפעל געטהאן, זיא האט אויף איהם א קוק געטהאן: ער האט געקוקט אויף איהר מיט גרויסע, אויסגעגלאצטע, גלעזערנע אויגען און מיט א'ן אפענעם מויל מיט אויסגעשצירעטע ווייסע ציינער....

זיא האט איהם נעכאפט טרייסלען און שרייען מיט אלע קרעפטען: עדא! עדא!... און אין דיזען שטומען געשריי האט געקלונגען פערצווייפלונג, האט זיך געהערט טרערען. דער פאטער איז אויפגעשפרונגען, האט גענומען ברעכען מיט דיא הענד — דער חתן איז געשטארבען....

רחל'ע האט זיך א ווארף געטהאן אויפ'ן טויטען, האט איהם גענומען קושען און איז אזוי געבליעבען ליעגען א ווייל, וויא א

פערגליווערטע. דאן איז זיא אויפגעשטאנען, האט נאך א מאל א קוק געטהאן אויפן טויטען און איז מיט פעסטע טריט צוגעגאנגען צום פענסטער און האט א קוק געטהאן אין דרויסען פון דעם הויכען צווייטען פלאאר.

אין דרויסען האט געיאמערט דער ווינד, דער רעגען האט געקלאפט... זיא האט אן עפען געטהאן דאס פענסטער און איידער איהר פאטער האט עס בעמערקט, האט זיא א שפרונג געטהאן....

עס האט זיך דערהערט א יאמער, צו פון איהר פאטער, צו פון ווינד?....



# ברוך׳קע.

ברוך׳קע... מיט איהם זיינען פערבונדען דיא בעסטע יאהרען פון מיין קינדהייט, דיא בליהענדע בלומען פון מיין לעבענס פריהלינג...

ברוך׳קע!.... מיין הארץ ציטערט, אזוי וויא עס וואלט זיך וועלען ארויסרייסען פון ברוסט, און אין מיין געדעכנים לעבען אב בילדער, בילדער, אוי, וואס פיר א בילדער!... שווארצע, געדיכטע וועלדער, ברייטע פעלדער מיט גאלדענע זאנגען... קלארע, מורמלענדיגע טייכעלאך... טרעל׳ן פון נאכטיגאלען... הייסע קושען פון מיין ליעבער, גוטער, אלטער מאמען... גליקליך־מאכענדע הבטחות פון מיין טאטען... אה, מיין קינדהייט, אה, מיין פריהלינג, דו צויבער בלום, געוועבט פון דיא שטראהלען פון דער ליכטיגער זונן!...

ברוך׳קע! מיר דאכט זיך, וויא דאס וואלט געוועזן נעכטען. א פינסטערער, פעררויכערטער חדר. דער קראנקער רבי מיט זיין געלען, דארען פנים, מיט זיין שפיציג געלבער בערדעל, מיט דער „צוכראסקעטער", אפענער, האריגער ברוסט און מיט דער רויטער, שמוציגער פאטשיילקע ארום גראבען פינגער, זיצט נעבען דעם לאנגען דעמבאווען טיש און, שאקלענדיג זיך מיט דעם אויבערשטען האלבען קערפער הין און צוריק און דרייהענדיג דעם גראבען פינגער מיט דער פאטשיילקע אין אלע פיער זייטען, לערנט ער מיט אונז מיט א געשמאקען ניגון דיא גמרא...

מיר, אינגלאך, זיינען זאלבע זעקס. מיר זיצען צו פאארוויז ביי א גמרא. נעבען מיר זיצט ברוך׳קע — א אינגעלע, א

יאָהר צעהן, מיט א בלייכען פנים, מיט א בלאָנדען געקרויזטען קאָפּ האָאר אונטער א סאמעטענער היטעלע, מיט גרויסע בלויע אויגען.

ער קוקט ניט, וויא געוועהנליך, אין דער גמרא, נאָר אויף דעם צווייטען זייט צימער, צום טהיר־צו, וואו דעם רבי'ס ווייסע ציעג , מיט אַ פּאָאר קליינע ציעגעלאַך, איינע אַ ראבינקע, דיא אַנדערע — אַ ווייסענקע, דרעהען זיך ארום דער רבי'צין, וואָס זיצט נעבען טהיר און שיילט קארטאָפעל. דיא רבי'צין לעגט ארויף אַ שטיקעל שאָלעכץ אויפ'ן לאַדאָן און וויל געבען דער ווייסער ציעגעלע. דיא ראבינקע איז אָבער פלינקער, זיא לויפט צו צו דער רבי'צין און טהוט אַ כאַפּ דיא שאָלעכץ מיט'ן מויל.

— נאַררושׁ! — שרייט אויף איהר דיא רבי'צין און טהוט אַ מאַך צו איהר מיט'ן מעסער — נאַרוש, זולל וסובא דוא, פּראַנ־צען זאָלען דיך עסען, איהר איז גאָר ניט גענוג!...

אָבער דיא ראבינקע ציגעלע איז שוין אויפ'ן אַנדערען זייט צימער און הערט דיא רבי'צין וויא אין טראָק.

ברוך'קען איז עס זעהר געפעלען; ער צולאכט זיך הויך אויפ'ן קול און הויבט אָן צו מאַניען צו זיך דיא ציעגעלע.

—דזשיק־דזשיק־דזשיק!... — רופט ער אויפ'ן קול.

מיר קינדער, לאַכען זיך פונאַנדער.

דער רבי קוקט איהם אָן מיט שטרענגע אויגען און הויבט זיך אָן צו רוקען ארום טיש נעהנטער צו איהם, צו ברוך'קען. אז ער איז שוין אַ האַנד ווייט פון איהם, פרעגט ער, דער רבי, איהם פריהער מיט אַ שטילען איינגעהאַלטענעם קול:

— שקאָץ, וואו האַלט מען?

ברוך'קע ווערט פון אנפאַנג אַ ביסעלע צומישט, הויבט אָן צו זוכען מיט דיא אויגען אין דער גמרא, פּרובירט טרעפען מיט דיא פינגער דעם אָרט, שטעלט זיך אָב מיט אַ פינגער אויף אַ שורה, אויף אַ צווייטע און בלייבט שטעהן אויפ'ן סוף מיט'ן פינגער אויף איין שורה און רעדט אויס ברגז'דיג.



— אָט דאָ!

— יורקע, בוצקע, כריטאָן, באָד־יונג, וואו האַלט מען, פרעג איך דיר? — שרייט דער רבי מיט אַ פּאָאר טענער העכער.

ברוך'קע טהוט אַ רוק דעם פינגער אויף אַ פּאָאר שורות ווייטער און זאָגט שטיל:

— אָט דאָ, ביי דער פרה אדומה...

— ביי דער פרה אדומה — שרייט שוין דער רבי אויף דער העכסטער אָקטאַווע און שצירעט מיט דיא ציין וויא אַ צורייצטער אויסגעהונגערטער וואָלף. — כריטאָן, אין כף הקלע זאָלסטו געהן! וואָס האָסטו צו מיר, רצוח דוא, משומד להכעים דוא, דוא וועסט דאָך מיר אין ד'רערד אריינטרייבען! ביי דער פרה אדומה! אָך ממזר, וואו דיין קאָפּ ליעגט!... זאָג — כריפּעט ער ארוים, צו־רוקענדיג זיך צו איהם נעהנטער מיט אַ סטראַשענדיגע מינע: — זאָג, וואו האַלט מען? ווארום איך מאַך דיך אָט באַלד פאר א בר מינן!

— מעע!כאַפּען אונטער דיא קליינע ציעגעלאַך, פעררייסען דיא וויידלאַך און הויבען אָן צו שפּרינגען איבער'ן שטוב מיט ציעגענער התפעלות....

ברוך'קע קען זיך ניט איינהאַלטען און צולאַכט זיך.

דער רבי געהט ארוים פון דיא כלים.

— זעה, זעה, כריפּעט ער מיט אויסגעשצירעטע ציין — זעה, דעם משומד! דער רבי רעדט צו איהם, איז וויא אַ הונד בילט! זעה, איך וועל דיר דיא קבורה מאַכען! טהוט ער זיך אַ הויב און אַ געשריי: נאַ, נאַ!!...

און ברוך'קע כאַפּט אַ פּאָאר הילכעדיגע פעטש פון דעם רבי'ס דאַרע, ביינערדיגע האַנד.

ער וויינט ניט, וויא אַנדערע קינדער, ער טהוט זיך נור א טרייסעל, לאָזט ארוים אַן אָי און קערט אָפּ מיט כעס דעם קאָפּ.

נור שפּעטער אַ ביסעל, אז דער רבי זעצט זיך ווידער אויף זיין פּלאַטץ, טהוט ברוך'קע א קוק אויף איהם מיט אַ צו להכעים־דיגער מינע און שרייט אוים „מע“, וויא דיא ראבינקע ציעגעלע...

* * *

א פרעהליכער חבר איז געווען ברוך׳קע אין חדר, זעהר א לעבעדיגער אינגעלע. זיינע עלטערן זיינען געווען פרומע בעלי בתים און האבען, וויא דער שטייגער ביי אידען, געוואלט פון איהם מאכען א רב. ער האט אפילו געהאט גוטע פעהיגקייטען, אבער ניט צו דער גמרא. איהם האט מעהר אינטערעסירט דיא לעבעדיגע, ראבינקע ציגעלע מיט איהרע תם׳עוואטע אויגען, וויא דיא פרה אדומה אין דער גמרא. ווער שמועסט נאך, אז ער האט זיך נאך געקענט אנהענגען אהינטער א וואגען און אונטערפאהרען א ביסעל, אדער בעזוכען ווינטער־צייט דיא „בויען" אויף דער דווינע און צוקוקען, וויא מע רייסט זיך דיא זייטען, אדער, ריכטיגער: זעהען דעם געלאף פון מענשען, הערען זייערע געשרייען, דעם רעש, דעם טומעל; בעמערקען, וויא איינער, לויפענדיג איבער׳ן אייז, טהוט א פאל אויפ׳ן רוקען און איבער איהם פיעלע אנדערע; אדר געהן זומער־צייט הינטערן שטאדט אין וואלד, אויפ׳ן פעלד, וואו אלעס לעבט, בליהט, וואו דיא טייכעלע מורמעלט איין א סוד דער בלום, וואס וואקסט אויף איהרע ברעגען; וואו דער קיהלענדער ווינטעלע קושט און לאסצעט דיא גאלדענע קעפעלאך ביי דיא זאנגען אין פעלד; וואו דיא אלטע בוימער אין וואלד שאקלען מיט זייערע צווייגען און שושקען זיך איינע מיט דער אנדערער — דאן פלעגט זיך ברוך׳קע פערגעסען אויף אלעס, אלעס — אויף דעם רבי׳ן, אויף דעם חדר און פיעל מאל אויף זיך אליין אויך...

* * *

אז ברוך׳קע איז אלט געווארען דרייצעהן יאהר, האט ער מסתמא ניט געקענט האלטען קיין דרשה, וויא לייטישע בחורים־לאך. זיינע עלטערן האבען דערזעהען, אז קיין תכלית וועט פון איהם ניט זיין, ד. ה., אז ער וועט ניט זיין קיין רב, האבען זיי איהם ארויסגענומען פון חדר — „דער שכר לימוד איז ארויסגעווארפען" —און האבען איהם געוואלט מאכען פאר א סוחר, א געשעפטסמאן... דאס וואלט גראד געפאסט פיר זיין לעבעדיגען



כאראקטער, ווען ניט דיא צייט... „נייע צייטען, נייע פייגעל, נייע פייגעל, נייע ליעדער."

* * *

דיא צייט איז געווען אין אנפאנג פון דיא אכציגער יאהרען. דיא רעאקציאן, וואס האט אויסגעבראכען נאך דער הינריכטונג פון אלעקסאנדער דעם צווייטען אין דיא גרויסע שטעדט פון רוסלאנד, האט נאך אונזער פראווינץ ניט אנגעריהרט. דאן זיינען געווען אין אונזער שטאדט געבילדעטע יונגע לייט און יונגע פרויען, גימנאזיסטען און גימנאזיסטקעס, וואס האבען געעפענט געהיימע שוהלען און האבען געלערנט דיא „יונגווארג" און זיי פערזארגט מיט גוטע ביכער צום לעזען.

דער גייסט פון לערנען און פון „ענטוויקלען זיך" האט דאן געטראגען אן עפידעמישען האראקטער. מיידלאך, קרעמערקעס, ישיבה־בחורים, בעלי בתי׳שע פוסט און פאסטינקעס האבען זיך א נעהם געטהאן צום לערנען זיך און צום לעזען ניצליכע ביכער. און דאן האט זיך אין אונזער שטאדט איבערגע׳חזר׳ט נאך אמאל דיא געשיכטע, וואס אין דיא הויפט־שטעדט פון רוסלאנד האבען דיא יונגע לייט נאך מיט צעהן יאהר צוריק דורכגעמאכט.

דיא יונגע לייט האבען געלעזען פיסארעוו׳ן און האבען דעבאטירט „צו איז גרעסער שעקספיר צו א פאאר שטיוועל". פיעלע האבען בעגראבען און בעשאטען פושקינען צוזאמען מיט דער קונסט אין איין טיעפען קבר... פיעלע האבען זיך געסטארעט צו „שפיעלען זיך" אין באזאראוום, האבען געטראגען לאנגע שטיוועל מיט הויכע כאליוועס, העמדלאך איבער דיא הויזען און האבען זיך אויפגעפיהרט „ניהיליסטיש". אין דעם איז אהן צווייפעל געווען פיעל, זעהר פיעל קאמישעס, אבער נאך מעהר ערנסטעס און הייליגעס....

פון דיזער בעוועגונג זיינען שפעטער ארויסגעוואקסען ניט וועניג דאקטוירים, אדוואקאטען, פראקטישע מענשען, אבער אויך

רוסישע רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען געקעמפפט פאר א בעפרייטען כלל ביז קאטאָרגע....

דיזע בעוועגונג, וויא אלע אנדערע בעוועגונגען אין אללע צייטען און אין אלע לענדער, האָט אפילו בעשאַפען קאָמישע טיפּען פון מיידלאך און יונגע לייט, וואָס האָבען מעשה פּאָפּוגאַי געשפּיעלט זיך אין „ענטוויקעלטע", דעבאַטירענדיג מיט א וואזשנער מינע איבער הויכע זאכען, פון וועלכע זיי האָבען קיין בעגריף ניט געהאט און ריידענדיג מיט אזעלכע פראזען, אויף וועלכע מי האָט זיך געקענט דיא ציינער אויסברעכען; אָבער דיא זעלבע בעוועגונג האָט בעשאַפען אמת־ענטוויקעלטע מענער און פרויען מיט א טיעפען און ברייטען בליק אויף זאכען.... מיט איין וואָרט, דיא בעוועגונג איז געווען א שטאַרקע און איהר שטראָם האָט אויך מיט זיך היגגעריסען ברוך'קען.

לכתחילה האָט אויף איהם געווירקט דיא קנאה צו זיינע אמאָליגע חדר־אינגלאך, וועלכע דער „שטראָם" האָט שוין געהאט היגגעריסען פריהער.

הערענדיג וויא זיי ריידען צווישען זיך רוסיש, זעהענדיג זיי ארומגעהן מיט די ביכער אונטער די פּאַכוועס; בעמערקענדיג, וויא זיי נעהמען ארונטער דיא היטלען איינער פאר דעם צווייטען, מעשה געבילדעטע; טרעפענדיג זיי זומער־צייט הינטערן שטאָט שפּאַצירענדיג מיט מיידלאך, וואָס בילדען זיך אויך, און איינינע זאָגאר געארעמט — דאָס אללעס האָט אין איהם ערוועקט א קנאה צו זיינע פריהערדיגע חברים און איהם האָט זיך אויך פערגלוסט צו זיין איינער פון זיי.

ער איז אריינגעטראָטען אלס שילער אין א געהיימער שוהל און האָט זיך א נעהם געטהאָן צום לערנען מיט א ברען. זיין טאַטע איז מיט דעם גאָר ניט צופרידען געווען און האָט אלע מעגליכקייטען אָנגעווענדעט ארויסצורייסען איהם, ברוך'קען, פון דער „פינסטערער קליפּה". אָבער ברוך'קע'ס טאַטע, נעבעך! ער האָט הפּנים פערגעסען, אז אויף ברענענדיגען אויל גיסט מען ניט קיין וואסער... דיא שטערונגען פון זיין טאַטען האָבען נאָך מעהר



צוברענט אין איהם דעם חשק צו לערנען זיך און איהם איז אויך דערביי געפעלען געווען צו פיהלען זיך אלס א שטיקעל מאַרטירער פיר דער „וויסענשאַפט".

אין שוהל האָט ער פיעל מאָל געהערט פון דיא לעהרערס און לעהרערקעס, וויא אזוי מענשען האָבען זיך מקריב געווען פיר דיא וויסענשאפט, וויא זיי האָבען זיך געלאָזען בראָטען און ברענען פיר זייערע איבערצייגונגען. נו, איז ער, ברוך'קע, דען זיך ניט מקריב פיר דיא וויסענשאַפט? שטעהט ער ניט אוים קיין געבראָטענע צרות פון זיין טאַטען?

און ער האָט זיך געלערענט און ער האָט זיך געוואָהנט צו ליידען. אָבער זיין לעבעדיגער, אונגעדולדיגער כאַראַקטער האָט זיך ניט געקענט צופרידען שטעלען מיט א ראָליע פון א קליין מאַרטירעריל און ער האָט ניט געקענט פערשווייגען זיין טאַטען. ער האָט געקעמפּפט געגען איהם און מאַנכעס מאָל אויף א גראָבען אופן....

* * *

וויא יעצט, געדענק איך יענעם ווינטער־אבענד, ווען איך האָב בייגעוואוינט א טרויעריגע סצענע צווישען איהם און זיין פאָטער.

מיט א פּאָר וואָכען צוריק האָט ברוך'קע געליהען ביי מיר א בוך, און אין דיזען אבענד בין איך געקומען איהם אָפּנעהמען.

נאָך'ן אויסזעהן פון ברוך'קען און זיין טאַטען האָב איך באַלד פערשטאַנען, אז צווישען זיי איז נור וואָס פּאָרגעקומען א סצענע. ברוך'קע איז געזעסען אָנגערוקט און האָט געשריבען. זיין טאַטע האָט מיט כעס עפּעס גערעדט צו דער מאַמען.

ווען איך בין אריין, האָט ר' משה א קוק געטהאָן אויף מיר בייז און האָט אויסגערעדט:

„אָט איז ער אויך דאָ! נאָך א תנא בראָ! נישקשה, זיין טאַטע קען אויך האָבען פון איהם נחת... אוי, ווער געשריען, אידען וואקסען עס, אידען, פרומע אידען, א בהלה אויף זיי!... נו, וואָס דארפסטו דאָ? — האָט ער זיך פּלוצים א קעהר געטהאָן צו

מיר מיט כעס — ברוך׳קען דאַרפסטו? ברוך׳קען, וואָס? וועניג קליפּה איז נאָך אין דיר, ווילסטו זיך אָננעהמען נאָך אַ ביסעלע? אוי, בעגראָבען האָט מען אייך געמעגט ביידען אויף איין בית־חיים!....

ברוך׳קע האָט זיך שנעל אויפגעהויבען פון אָרט און האָט מיר פריינדליך דערלאַנגט דיא האַנד.

דאָס האָט ר׳ משה׳ן נאָך מעהר אויפגערעגט און ער האָט אויסגעשריען מיט נאָך מעהר הארץ:

„שלום עליכם, אַ איד, פון וואַנען קומט איהר עפּעס?.....“

און דערביי האָט ער צוגעשאָקעלט מיט דעם קאָפּ מיט אַ טרויעריגער איראָניע — פון בית המדרש קומט איהר, האַ? געלערנט אוואַדאי אַ בלאַט גמרא, אָדער געזאָגט אַ קאַפּיטעל תהילים? שלום גיט ער איהם, שלום! האָסטו געזעהן, ער גיט איהם שלום! טפוי, ממזרים, אַ מגפה אויף אייך, האָסטו געזעהן אויף דיין לעבען, ער גיט איהם שלום!....“

—משה, געוואַלד! האָט זיך אריינגעמישט עטעל, ברוך׳קעס מאַמע, — וואָס האָסטו זיך צורעדט, וואָס אַרט דיר, וואָס זיי גיבען איינער דעם אַנדערן דיא האַנד, וואָס בינדסטו זיך?

— איך בינד זיך. עטעל, אַ? איך בינד זך?... דו ביסט שוין דאָ?.... אַ, נור דיר צו פערדאַנקען, דיר, נור דיר — האָט ער גערעדט — ווען ניט דו, אָהאָ, איך וואָלט שוין ארויסגעשלאָגען פון איהם דיא קליפּה.... איך בינד זיך!.... איך, יע, אַט דאָ איז דאָ ביי מיר אַ בינדעניש, אַט דאָ, אַט דאָ — ער האָט זיך געקלאַפּט מיט׳ן פינגער אין זיין ברייטער ברוסט — איך פרעג דיך, וואָס איז ער אַהערגעקומען? וואָס דאַרף ער אַזוי נויטיג זעהען ברוך׳קען, האַ ?....

— ער געהט צו מיר! האָט איהם אונטערגעבראָכען ברוך׳קע מיט רוגזה — ניט צו דיר.

— שאַ! האָט דיא מאַמע אָנגעשריען אויף ברוך׳קען, — שאַ, ער קען זיך גאָר ניט איינהאַלטען!



איך האָב זיך אויך געפיהלט ניט גאָר יום־טוב׳דיג און איך האָב שנעל געבעטען ביי איהם דעם בוך.

ר׳ משה האָט אַ שפּרונג געטהאָן און גענומען זיך רוקען צו ברוך׳קען, שרייענדיג:

— צו דיר געהט ער, ממזר, צו דיר? וואָס זאָגסטו, האַ?.....

ברוך׳קע איז ארויס אין צווייטען צימער.

— וואָס זאָגסטו אויף דעם עוכר ישראל — האָט געשריען ר׳ משה, קוקענדיג דאָ אויף דער ווייב און דאָ אויפ׳ן טהיר, דורך וועלכע ברוך׳קע איז ארויס — „צו מיר געהט ער!“ וואָס זאָגסטו, האַ? אימיצער וואָלט מיינען, אַז ער איז דאָ דער בעל הבית און איך... אַ וואָס?... כוויי, אַ כלב מן הסתם!... אַך, ניט דערלעבען וועט ער, איך וועל איהם ממית׳ן... „צו מיר געהט ער!“.... אַך, אפּיקורס, איינגעבראָכען זאָלסטו ווערען!.... דערלעבט נחת, אַ?.... כדאי געוועז אויסצוהאָדעווען אַזאַ מין סורר ומורה! עטעל — האָט ער אויסגעשריען ליידענשאַפּטליך און מיט וועהטאָג — עטעל, האָסטו אויך אַזוי געזאָגט דיין טאַטען? איך, ניט! ריידען געגען אַ טאַטען ? ! שטייטש געגען אַ טאַטען ? ! און אַז ער וואָלט רייסען מיין פלייש אברים ווייז און אַז ער וואָלט מיט ברענענדיגע ריטער געשניטען מיין הויט! שטייטש! ריידען אַ וואָרט געגען אַ טאַטען! סקילה קומט דערפאַר, עטעל, פערשטיינען דאַרף מען אַזאַ בן נאָכ׳ן דין, פערשטיינען!....

איך בין געשטאַנען וויא אויף גליהענדע קוילען...

— נו, וואָס וואַרטסטו דאָ? האָט ר׳ משה זיך פלוצים אַ קעהר געטהאָן צו מיר.

— מיין ביכעל... האָב איך אַרויסגעשטאַמעלט צושראָקען.

אין יענער צייט בין איך אויך אפילו געוועז פון דיא „קעמפּפער,“ דאָך האָבען מיר הענד און פיס געציטערט, ערוואַרטענדיג, אַז אַט—אָט וועל איך פיהלען דיא שטאַרקע האַנד פון ברוך׳קעס טאַטען אויף מיין באַק, און דעם אמת געזאָגט, וואָלט איך לאַנג געמאַכט אַ ויברח פון דער שטוב, ווען איך וואָלט זיך ניט געשעהמט פאַר ברוך׳קען.

צו מיין ערשטוינען, האָט ר' משה מיר ניט געגעבען פיהלען זיין האַנד, נור, פערקעהרט, ער האָט זיך געווענדעט צו מיר מיט אַ ווייכען, בעטענדיגען קול:

— אַט זאָג דוא, אדרבה, אַט דוא ביזט דאָך זיין חבר, אַ? רעדסטו אויך אַזוי קעגען דיין טאַטען, אַ קלאָג צו איך, האַ?...

און זיין קול האָט געקלונגען מיט אַזאַ וועהטאָג, אַז עטעל האָט איהם גענומען בערוהיגען.

— אוי, משה, דוא ביזט אַ נאַר, ער איז עפּעס בעסער פון אונזער ברוך'קען, וואָס?... עס איז שוין אַזאַ וועלט (אַזאַ צייט וואָלט זיא בעסער געזאָגט) מע קען זיך ניט העלפען: וויא דער כלי זמר שפּיעלט, אַזוי מוז מען טאַנצען... איבערשטעלען אַ וועלט קען מען ניט. אומעטום איז צרות מיט דיא קינדער, ניט ביי דיר נור אַליין.

אָבער דאָס איז געווען זעהר אַ קליינער טרייסט פאַר ר' משה'ן.

— עטעל! — האָט ער אויסגעשריען מיט גאַל — עטעל, בין איך אַ טאַטע, אַ? איז ער מיין קינד, אַ?... עטעל, קען איך איהם זאָגען אַ דעה, אַז דאָס טהו און דאָס טהו ניט? מוז ער מיך פאָלגען!... אַז ניט געה כאַטש אין כף הקלע פון מיינעטוועגען!...

אין דיעזער צייט איז אריין ברוך'קע מיט'ן בוך. איך האָב אַ כאַפּ געטהאָן ברוך'קעס האַנד און בין ארויס.

הינטערן טהיר האָב איך געהערט ר משה'ס געשריי: „ממזר!“ אַ שטאַרקען פאַל פון אַ שטוהל אַן פּאָדלאָגע, ווידער ר' משה'ס געשריי און נאָכדעם עטעל'ס קול: „משוגענער!“

אַזוי האָט געקעמפּפט ברודקע ביז ער איז אַלט געוואָרען אכטצעהן יאָהר. אין דיעזער צייט האָט ער שוין געהאַט אויסגעלערנט דיא רוסישע שפּראַך, האָט זיך אָנגעלעזען ביכער, האָט געקראָגען אייניגע שטונדען, האָט זיך איבערגעקליעבען פון זיינע עלטערן אויף אַן אייגענע קוואַרטיר צו אַ קריסטין און האָט זיך גענומען פיהלען און פיהרען פריי...



פיר זיין טאַטע־מאַמע, וואָס זיינען נאָך דערצו געווען פעררעכענט פיר גרויסע אידישע מיוחסים, איז דאָס, וואָס זייער זוהן האָט זיך איבערגעקליבען בפרהסיה צו אַ „גויה“ און האָט מסתמא געגעסען תריפות און אפשר נאָך חזיר אויך — איז עס געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ, פיעל ערגער, וויא ברוך'קע וואָלט געשטאָרבען....

* * *

און ברודקע — ניין, יעצט האָט ער זיך גערופען באָריס מאַאיסעיעוויטש — האָט זיך געטהאָן זיינס: געלעזען ביכער, געלערנט זיך, געלערנט אַנדערע און האָט זיך ניט שטאַרק געקימערט, אויב זיין בעל הבית'טע מאַריא איוואַנאָווא האָט איהם געגעבען צו עסען קאַראָבקע פלייש, אָדער חס ושלום ניט; אויב דיא פלייש איז רינדענע, קעלבערנע אָדער פון אַנאַנדער פיערפיסיגע חיה....

ער האָט זיך געקויפט אַ פּאָר לאַנגע שטיוועל מיט הויכע כאָליוועס, אַ קליין־רוסישע העמדעל מיט בלויע שטרייפען ארום דיא ברעגען, האָט זיא אָנגעטאָן איבער דיא הויזען מיט אַ רימענעם פּאַס ארום איהר, און אויפ'ן קאָפּ האָט ער אָנגעטהאָן אַ ברייטע „דעמקע“ מיט אַן אָפּענער לעצעל. אַזוי פלעגט ער געהן אין גאַס, אויף זיינע שטונדען און צו זיינע פריינד.

ער האָט דאַן געלעזען פּיסאַרעוו'ן און אפילו ער איז אין גאַנצען מיט איהם ניט געווען איינפערשטאַנדען, דאָך וואָלט ער מעהר צופריעדען געווען, ווען שעקספּיר אָדער געטהע וואָלטען אָנשטאָט צו שרייבען פּאָעזיע, געווען פשוט'ע וואָלוועלע בוכבינדער און וואָלטען איהם איינגעבונדען פיר וועניג געלד עטליכע ביכלאָך „סאָוורעמעניק,“ וואָס האָבען זיך געוואַלגערט ביי איהם. אין אַלגעמיין איז ער געווען דער מיינונג, אַז אַ זאַך האָט רעכט צו עקזיסטירען נאָר דאַן, ווען זיא ברייננגט נוצען דער געזעלשאַפט. ליטעראַטור מעג יע עקזיסטירען, אָבער נאָר דיא ערנסטע, וואָס פערנעהמט זיך מיט וויסענשאַפט... בעלעטריסטיק און פּאָעזיע מוזען אָבגעשאַפט ווערען.... ווארום וואָס איז אַ בעלע־

טריסט? אַ מענש מיט אַ ליגנערשער פאַנטאַזיע. ער זעצט זיך אוועק און טראַכט אויס פון קאָפּ פערשיעדענע מעשות, וואָס האָבען קיין נוצען און קיין ווערטה פיר דער געזעלשאַפט. און פּאָעטען זיינען פשוט משוגעים, וואָרום אַנשטאַדט דעם, זיי זאָלען שרייבען גלייך, וואָס זיי ווילען, שרייבען זיי אין פערזען און דאָס קומט אויס אקוראַט וויא אַ מענש זאָל אַנשטאָט געהן מיט דיא פיס געהן אויפ'ן קאָפּ...

און ווען מען פלעגט איהם זאָגען: סטייטש, באָרים מאָאיסעאיוויטש, ווען דו אַליין לעזט אַ זאָלא, אָדער אַ טורגעניעוו אָדער אַ טאָלסטאָי — גיסטו דאָך אַליין צו, אַז אין זייערע ווערקע שפּיעגעלט זיך אָפּ דאָס לעבען, היינט וויא אַזוי קענסטו זאָגען, אַז גוטע בעלעטריסטיק איז ליעגען!?

— דוא פערשטעהסט מיך ניט — פלעגט ער ענטפערן — איך רייד ניט וועגען דעם אינהאַלט פון דיא ווערקע, נור וועגען זייער פאָרמע. דיא פאָרמע, זאָג איך, פון בעלעטריסטיק איז אַ ליגנערישע. וואָרום ערנסט גערדיינקט, צו וואָס דאַרף למשל אַ טאָלסטאָי אָנשרייבען אַ'ן אננאַ קאַרעגנינאַ אין אַזוי פיעל בענדער? ממה נפשך, עקזיסטירט אננאַ אין לעבען און פערליעבט זיך אין וואָלכאָווסקאָי, שרייבט מען אָן, אַז אַזאַ און אַזאַ זאַך האָט פּאַסירט אָדער קען פּאַסירען אין לעבען און דאַן פארנעהמט דיא גאַנצע מעשה צוויי בלעטלאַך אין גאַנצען, און עס שפּאָרט איין פיעל ארבייט אי דעם שרייבער אי דעם זעצער! וואָס דען, וועט איהר זאָגען, אַז דאָרטען איז פּסיכאָלאָגיע און דאָרום מוז פארנעהמען אַזוי פיעל פּלאַץ דיא האַנדלונג — נו, אויב אַזוי אַפילו, קען מען עס מאַכען גאַנץ קורץ, שרייבענדיג פשוט, אַז אַ מאַן אָדער אַ פרוי ביי אַזעלכע און אַזעלכע אומשטענדען, מאַכט אַזאַ האַוואַיע אָדער קען קלערען אַזוי. למשל, ווען אַ מיידעל איז נערוועז און שטעכט זיך איין אַ פינגער מיט אַ נאָדעל, זאָל זיא זיך דערמאָנען אָן דעם טוידט.....

און מערקווירדיג! דערזעלבער באָרים מאַאיסעיעוויטש אָדער ברוך'קע, האָבענדיג אַזאַ מיינונג איבער דיא שעהנע ליטעראַטור, האָט אין דער אמת'ן אין האַרצען שטאַרק ליעב געהאַט אי אַ גוטע ערצעהלונג, אי אַ גוטע געדיכט. און ווען עס פלעגט זיך איהם טרעפען צו לעזען אַ גוטע ערצעהלונג אָדער געדיכט, פלעגט ער אפילו כלומר'שט יאַ אָנהייבען צו פּלוידערען זיין פילאָזאָפיע איבער דער ליגנערשער פאָרמע פון דיא ערציילונגען און דער משוגענער פאָרמע פון געדיכטע, אָבער אין דערזעלבער צייט האָט מען געקענט בעמערקען נאָך זיינע אויגען, נאָך זיין שטימע, אפילו נאָך דיא אַרט און ווייזע וויא ער פלעגט אָנפאַלען אויף דיא ליטעראַטור, אַז דיא ערציילונג אָדער געדיכט, וואָס ער האָט נור וואָס געלעזען, איז איהם זעהר שטאַרק געפעלען און האָט געמאַכט אויף איהם אַ'ן איינדרוק...



אין אַזאַ צייט האָט מען איהם געקענט צוגלייכען צו יענעם אַסקעט (פּרוש), וואָס האָט זיך געגעבען אַ נדר ניט הנאה צו האָבען פון דעם לעבען און צו מאַטערען זיך אין גלות. דער אַסקעט שלאָפט אויף אַ שטיין צוקאָפּענס, עסט ניט קיין פלייש, טרינקט ניט קיין וויין, טהוט זיך אָן פערשיעדענע יסורים; ווען ער דערהערט אַ פריילינכע שטימע, לויפט ער אוועק און ווען מען זאָגט איהם, אַז דאָס לעבען קען זיין זיס, שמייכעלט ער ביטער איראָניש. פּלוצים פערבלאָנדזשעט דער אַסקעט אין אַ שעהנעם גאָרטען. דאָס לעבען שטראָמט דאָ וויא פון אַ קוואַל. דיא בוימער בליהען; דיא בלומען דופטען געשמאַק, מחיה'דיג; אַ שעהנער פאָנטאַן שלאָגט מיט אַ רעגען ארויף און דער רעגען פינקעלט און בליסצעט אָפּ אין דיא גאָלדענע שטראַהלען פון דער ווארעמער זונן; דיא פייגעלאַך שוויסטשערין.... דער אסקעט בלייבט שטעהן מיט אָן אָפענעם מויל, ערשטוינט פון דער שעהנער נאַטור. „מען טאָר ניט הנאה האָבען פון לעבען", מורמעלט ער נעבעך, און אין דער זעלבער צייט אָטהעמט ער אין זיך אריין דיא מחיה'דיגע לופט פון גאָרטען און זיינע אלע אברים פיהלען אַזאַ חיות... „אַנטלויף!" טראַכט ער, און אנשטאַדט צו אַנטלויפען, געהט ער אַלץ ווייטער און טיעפער אין גאָרטען, ביז וואַנען ער פערגעסט זיך אין גאַנצען, אַז ער איז אַ'ן אַסקעט...

אזוי פלעגט ברוך׳קע אויך מאנכעס מאל פערגעסען אן זיין טהעאריע וועגען ליטעראטור און פלעגט שטארק הנאה האבען פון א גוטע ערצעהלונג אדער געדיכט.

אין אלגעמיין איז ברוך׳קע געוועזן א מענש מיט צוויי נאטורען — איינע א׳ן איינגעבארענע און דיא צווייטע אן אויסגעארבייטע, און דיא צוויי נאטורען האבען אין איהם אימער געקעמפפט. ווען, למשל, פון דער אויסגעארבייטער נאטור איז ברוך׳קע געוועזן אינטערנאציאנאל, איז ער געוועזן פון דער איינגעבארענער נאטור א נאציאנאליסט. ווען דיא קרעכצען פון דעם רוסישער בויער האבען געשטאכען איהם אין הארצען, האט דער פערשטיקטער שלוכצען פון דעם רוסישען אידען געריסען א סך טיעפער זיין נשמה. ווען דיא אויסגעארבייטע נאטור זיינע האט איהם געזאגט, אז מענשען זיינען אלע גלייך און זיי דארפען בעלאנגען צו איין גרויסע משפחה, וואו עס זאל ניט זיין קיין מיין און דיין, אהן אונטערשיעד פון ראסע און רעליגיאן — האט אין דער זעלבער צייט דיא צווייטע נאטור, וואס איז געזעסען טיעף ביי איהם אין הארצען, זיך געפרייט מיט א אידישע, נאציאנאלע בעוועגונג, וואס איז דאן שטארק אנגעגאנגען אין אונזער שטאדט וועגען א׳ן אידישע מלוכה פאר זיך.... און דיא צוויי נאטורען האבען אין איהם אימער געקעמפפט, אבער דיא אויסגעארבייטע נאטור פלעגט אלע מאל ארויס דיא זיגערין.

איין מאל בין איך אין א זומער אבענד אוועק צו ברוך׳קען אויפ׳ן קוואטיר. מאריא איוואנאוונא — א פרוי פון א יאהר פערציג מיט נאך א גאנץ יונגען, פרישען פנים און מיט שווארצע, גוטע אויגען, אין א שווארצע קלייד און ווייסען פארטוך — איז געשטאנען אין פארהויז מיט איהר אכצעהן־יעהריגע טאכטער קאטיא — א שעהנע, שלאנקע בלאנדינקע, מיט בלויע אויגען, מיט א לאנגען העל־בלאנדען צאפ ביז דער טאליע און אין א ווייסער קלייד — און האבען גערעדט מיט איין אונבעקאנטען יונגען מאן.



— באריס מאאיסעיעוויטש איז יעצט אין זיין צימער. זיין מוטער איז ביי איהם, האט מיר געזאגט מאריא איוואנאוונא מיט א פריינדליכען שמייכעל.

ער איז געזעסען אויף א זאפא, דיא פיס פעררייסען אויף א שטוהל, אנגעטאהן אין זיין קליין רוסישער העמדעל און אהן א היטעל אויפ׳ן קאפ. זיין מוטער איז געזעסען נעבען איהם, האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען, אזוי וויא זיא וואלט זיך בעטען ביי איהם עפעס.

— בראוואו! — האט ער אויסגעשריען, ווען ער האט מיך דערזעהען — גוט, וואס דו ביזט געקומען, איך האב נאר וואס געוואלט געהען צו דיר...

איך האב איהם געגעבען דיא האנד און האב זיך געזעצט אויף א שטוהל נעבען טיש.

— ברוך׳קע, האט ארויסגערעדט זיין מוטער מיט א ציטערנדיגע שטימע, קוקענדיג איהם אלץ גלייך אין דיא אויגען.— זוהנעלע, קינדושע, האב רחמנות, פאלג דיין מאמען.

ברוך׳קע האט א שאקעל געטהאן מיט׳ן קאפ.

— אונמעגליך, מאמינקע, אונמעגליך.

—וואס איז, זוהנעלע, איז דיר דא בעסער? וועט דיר פעהלען עפעס ביי מיר? אלעס, מיין קינד, ווערסטו קענען טהאן אין דער היים, מיר וועלען דיר ניט שטערען; לאזען נור לייט ניט ריידען....

— אך, מאמינקע, לייט... וואס ארט דיך פיר לייט? איך שפיי אויף דיא דומקעפ, און באסטא!

— דוא שפייסט, אבער וויא איז דיין טאטען און מאמען? ברוך׳קע, קינד מיינער — זיא האט גענומען כליפען — האב דאך רחמנות אויף דיין מאמען... איך האב דאך דיר קיין שלעכטס ניט געטהאן. ניין, ברוך׳קע? זיא האט א קוק געטהאן אויף איהם מיט אויגען, פערצויגען מיט טרעהרען — נו, דו ביזט א קלוגער, א געבילדעטער, א געראטענער קינד, זיי־זשע אויך א גוטער און האב רחמנות אויף דיינע עלטערן.

ברוך׳קען האָבען דיא מוטער׳ס טרעהרען געריסען פאַר׳ן האַרצען; ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט, האָט גענומען געהן איבּער׳ן צימער הין און צוריק, מאַכענדיג מיט דיא הענד פערצווייפעלטע בּעוועגונגען און רייבּענדיג זיך דעם שטערן.

— אז איך קען ניט, אז איך קען ניט — האָט ער ארויסגערעדט פערשטיקט — איך וועל ניט קענען הויזען מיט׳ן טאַטען און דערצו מוז איך וואוינען אויף מיין אייגענער קוואַטיר, יעצט אודאי ניט, יעצט טאָר איך ניט פּשוט וואוינען מיט אייך.... מאַמינקע — ער איז צוגעגאַנגען צו זיין מוטער, וואָס האָט געוויינט און האָט איהר ארומגענומען. — מאַמינקע, דוא ווייסט דאָך, אז איך האָבּ דיך ליעבּ... וויין ניט... דיא שטימע האָט בּיי איהם אַ ציטער געטהאָן און ער האָט זיינע ליפּען צוגעפּרעסט צו איהרע. — זיי רוהיג, איך וועל קומען נאָך צו אייך, נור עס מוז געדויערען, האָט ער גערעדט שטיל, פערשטיקט, דריקענדיג זיין פּנים צו דער מוטערס.

ווען זיין מוטער איז אוועק, איז בּרוך׳קע געוועזן שטאַרק אויפגערעגט, איז ארומגעגאַנגען איבּער׳׳ן צימער פערטראַכט און האָט זיך געריבּען דעם שטערן, וועהרענד איך האָבּ זיך גענומען צו בּלעטערען אַ נומער „וואָסכאָד“.

— און מיר ווילען זיין העלדען! — האָט ער זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט און האָט ארויסגערעדט מיט האַרץ. — און מיר ווילען אַ וועלט איבּערמאַכען, ווען דיא טרעהרען פון אַ פרוי קען מאַכען פון דיר אַ שמאַטע!... נאַרישקייטען! האָט ער וויא פאַר זיך אויסגערעדט — מען דאַרף ניט זיין קיין בּאָבּע... ווייסטו — האָט ער זיך פּלוצים געווענדעט צו מיר — אז איך ליד שטאַרק, ווען זיא הויבּט מיך אָן צו בּעטען.... שטאַרק, יע, זעהר שטאַרק און מאַנכעס מאָל... עה, לאָז זיין גענוג... קינדערש, דאָס איז קינדערש און באַסטאַ! וואָס לעזטו דאָרטען?—ער איז צוגעגאַנגען און האָט אַ קוק געטהאָן — אָה, אַ ליעדעל... פּרוג׳ס אַ ליעדעל.... אַי, נאַרישע, קעלבּערנע נשמה דיינע, גוט אָ? דוא וועסט עס שוין בּאַלד אָנהויבּען צו לויבּען. נאַרישער מענש, קיין אַנדערע וויכטיגערע זאַך קענסטו שוין ניט קריגען, וויא נור צו לעזען „וואָסכאָד“ און דיא משוגענע קלאָג־מוטער.

— שאַ! האָבּ איך איהם אונטערבּראָכען — ער האָט זיך שוין פאַנאַנדער גערעדט; לעז איבּער און נאַכהער וועסטו רייִדען. דוא ווייסט דאָך, אַז דיא רוסישע קריטיק האָט געמאַכט פרוג׳ן אַ פאָרוואורף, ווארום ער בעקלאָגט נור ציון. אָט דאָ ענטפערט ער אויף דעם מיט אַ געדיכט. לעז אדרבּה.

— וואָס זאָל איך דאָרטען לעזען? דוא ווייסט דאָך מיין מיינונג איבּער פּאָעזיע אין אַלגעמיין.

— אדרבּה לעז איבּער דעם געדיכט „ניע אופּרעקאַי מעניא.“

ער האָט גענומען לעזען. ווען ער האָט געענדיגט, האָט ער געזאָגט: — נו, וואָס איז דאָרטען? אַ קרעכץ, אַ זיפץ; אַ איד איז ער.... דערפאַר בעוויינט ער.. וואַרט, וויא איז דאָרטען?... „אין דער פּאַמיליע פון שקלאַפען, בּיי אַ שטיפמוטער“ — עס איז גוט געשריעבּען, אָבּער וואָס איז דאָרטען? האָט ער גערעדט, און אין דער זעלבער צייט האָט מען געקענט זעהן, אז דיא ליעדעל האָט אויף איהם געמאַכט איין איינדרוק.

— ווייסטו וואָס? — האָט ער פּלוצים זיך געווענדעט צו מיר — איך דאַרף מיט דיר ריידען וועגען אַ וויכטיגער זאַך — ער האָט אָנגעהויבּען צו ריידען שטילער. — איך האָבּ דיר איינינגע מאָל דערציילט פון איוואַנאָוו׳ן. היינט איז ער בּיי מיר געוועזן. ער וויל, איך זאָל מיט איהם אַ פּאָהר טהאָן אין דאָרף.... דיא בּויערען זיינען אין איהם שוין איינגעגלויבּט און מען וועט קענען עפּעס אויפטאָן. האַ, בּאַטיושקאַ, דאָס איז אַ וויכטיגע ארבּייט? נור אָט וואָס: דוא וועסט דערווייל געהן אויף מיינע שטונדען; מען קען זיי ניט פערליערען, בּיזטו צופריעדען

— יע.

— איך וואָלט געבּעטען קאַטיא׳ן, נור ווען זיא וואָלט געגאַנגען אויף מיינע שטונדען, וואָלט געוואָרען אַ ריידעריי און דאַן איז אַ רחמנות אויף מיין אלטינקע, ניט אמת, אָ?

— נעווים.

**אין דער צייט איז אריין קאטיא אין צימער.**

ברוך'קע איז צו איהר צוגעלאפען, האט זיא א כאפ געטהאן ארום טאליע און האט זיך מיט איהר גענומען דרייהען, שרייענדיג: „צו דער ארבייט, קאטיא, מארגען צו דער ארבייט!

קאטיא האט קוים אבגעכאפט דעם אטהעם, איז געווארען רויט און האט געשריען: „בארים מאאיסעייעוויטש, משוגענער, כא, כא, לאזט מיך, כא, כא!“

ווען ער האט זיא אפגעלאזען, האט זיא צורעכט געמאכט דיא שעהנע האר, וואס האבען זיך צושאטען ביי איהר איבער'ן שטערן און איבער דיא אויגען, האט זיך געזעצט אויפ'ן זאפע און האט א קוק געטהאן פאר'גנב'עט אויף ברוך'קען, וואס איז שוין געשטאנען אויף דעם אנדערען זייט צימער, איינפאקענדיג אין א טשעמאדאן פערשיעדענע ביכער.

— בארים מאאיסעיעוויטש — האט זיא א פרעג געטהאן מיט א ווייכער שטימע, וואס האט געקלונגען אזוי וויא טרויעריג. — איהר פאהרט טאקע מארגען?

— נעווים.

זיא האט געשוויגען און האט אראפגעלאזען דיא אויגען.

— און איהר האט גאר קיין מורא ניט? — האט זיא נעפרעגט אין א ווײלע ארום.

— ווען איך וואלט מורא האבען, וואלט איך ניט געפאהרען. קאטיא, האלט איהר מיך פאר אזא פיינלינג, קאטיא?

— אה ניין, בעהיטע גאט.... אבער.... בארים מאאיסעיעוויטש, האט זיא פלוצים ארויסגערעדט, ווארום פאטאגראפירט איהר זיך ניט? איך וואלט וועלען האבען אייער קארטע.

ביי דער פראגע איז קאטיא צומישט געווארען. זיא איז געווארען רויט, האט א קוק געטהאן אויף מיר, ארום זיך, האט ארונטערגעלאזען דיא אויגען און האט עפעס אויסגעמורמעלט; נאכהער האט זיא זיך געווענדעט צו ברוך'קען:



— בארים מאאיסעיעוויטש, וועט איהר טרינקען טהעע?

— יע, קאטיא.

— וועל איך געהן ברייננען.

ווען זיא איז ארויס, האט ברוך'קע צו מיר געזאגט: „א וואוילע מיידעל, אה? מיט איהר איז מיר אימער פריילאך.“

— מיר דאכט זיך, אז זיא איז צו דיר אויך ניט גלייכגילטיג, האב איך איהם בעמערקט.

— הום, הום... האט ער ארויסגעשטאמעלט — נארעשקייטען!...

פלוצים האט ער מיך אנגעכאפט פאר'ן אקסעל און האט אויסגעשריען מיט וועהטאג און מיט טרעהרען אין דער שטימע:

— יא, יא, זיא ליעבט מיך און איך ליעב זיא אויך... און דאך... ווען איך זאל מיט איהר הייראטהען, וואלט איך געווארען א מערדער... מיין פאטער וואלט איך ערמארדעט, מיין אלטע מוטער... אך, דאס לעבען איז אזא גרויסער פאדליעץ!...

ער האט אפגעקעהרט דעם קאפ, אום צו פערבארגען דיא טרעהרען....

* * *

אויפ'ן דריטען טאג, גייענדיג אויף ברוך'קעס א'ן אוראק, האב איך פלוצים בעמערקט א געלאף אין גאס. מענער, פרויען און קינדער זיינען געלאפען אין איין זייט, צום שאסע־צו. איך האב אויך גענומען לויפען אין יענע זייט, פון וואנען עס איז געפאהרען א בויערישער וועגעל, געשפאנט מיט צוויי פערד. איך האב א קוק געטהאן און מיר איז פינסטער געווארען אין דיא אויגען: אין וועגעל זיינען געלעגען געבונדען ברוך'קע און זיין חבר איוואנאוו. פון פארענט זיינען געזעסען צוויי אוראדניקעס, פון הינטען— דריי בויערען. דער וואגען האט זיך געטרייסעלט אויף דיא הארטע שטיינער, ברוך'קעס קאפ האט זיך געקלאפט אן וואגען. א ברעג פון זיין קליין־רוסישער העמדעל, וואס האט זיך ארויסגעזעהען פון א שפאלט פון וואגען, איז געוועזן פערפלעקט אין בלוט... איך בין געלאפען אויף זיין קווארטיר — דאר־

טען האָט מען שוין פון דעם געוואוסט, און מאַריא איוואַנאָוונאַ האָט געראַמט דיא פּאַפּירען פון זיין צימער. קאַטיא איז געלעגען אין זיין צימער מיט'ן פּנים איינגעגראָבען אין זאָפע און האָט געשוויגען. ווען מאריא איוואַנאָוונאַ האָט מיך דערזעהען, האָט זיא מיך שנעל ארויסגעשטופּט: „איהר טאָרט דאָ ניט זיין", האָט זיא ארויסגעשעפּצעט.

ווען איך בין אָבגעגאַנגען עטליכע טריט פון שטוב, האָב איך פון ווייטען דערזעהען לויפענדיג עטלען, ברוך'קעס מוטער, מיט פערבראָכענע הענד אויפ'ן קאָפּ, נאָך איהר איז געלאָפען ר' משה אַליין. זיי זיינען געלאָפען צו ברוך'קען אויפ'ן קוואַרטיר....



# קאַרל מאַרקס.

(אויס דער ארבייטער בעוועגונג צווישען אידען אין ניו יאָרק).

דזשעק דער קלאָוקמאַכער, אָדער „קאַרל מאַרקס", וויא ער איז מעהר בעקאַנט צווישען זיינע בעקאַנטע ארבייטער פאר זיין איבערגעבענהייט צו דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג — איז פערצווייפעלט. אַ קאַטאָוועס, עס איז מעגליך, אז דער סטרייק זאָל פערלאָרען געהן.... אכט וואָכען געסטרייקט, אכט וואָכען געקעמפּפט פאַרן „יוניאָן פּרינציפּ" און יעצט זאָלען קנור און דיא איבעריגע „סקעבישע נשמות" זיין דיא זיעגער, דיא חכמים?!... און וואָס וועט נאָך יענער, זיין ברודער דער פאַבריקאַנט, מיסטער כליעבנעצקי, ביי ווען מע סטרייקט, יעצט זאָגען?!.. .

ער דערמאָנט זיך אָן דיא סצענקע, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען איהם און זיין ברודער מיסטער כליעבניצקי, ווען ער, דזשעק, מיט נאָך עטליכע „הענד" פונ'ם שאָפּ זיינען ארונטערגעגאַנגען צו מיסטער כליעבניצקי'ן אין אָפיס און האָבען געפאָדערט, אז דער לעצטער זאָל אנערקענען דיא יוניאָן....

„דזשעק — האָט איהם דאַן מיסטער כליעבניצקי געזאָגט — „דזשעק, דוא פערדיענסט, מע זאָל דיך ארונטערוואַרפען פון אַלע טרעפּ... נור ווייל דוא ביזט מיין לייבליכער ברודער, יו נאָו, ראַטה איך דיר, וויא אַ ברודער: וואַרף אַוועק אָט דיא אַלע נאַרישע ביזנעס... גענוג געווען אַ משוגענער קאַרל מאַרקס... יונען — שמונען!... משוגענער, דוא האָסט דאָך אַ ווייב מיט קינדער... האָב בעסער אין זינען זיי אַנשטאַט דעם „יונען"... אז ניט וועסטו ליגען אין דר'ערד מיט דער יונען צוזאַמען!"...

— רייד צו מיר ניט, וויא צו דיינעם אַ ברודער — האָט איהם דזשעק דאָן געענטפערט, רייד צו מיר, וויא צו דיינער אַ „האַנד“... ווילסטו אַנערקענען דיא „האַנד“ אַלס „יוניאָן־האַנד“ צו זיין?

— ניין, ניין, ניין!

— דאָן סטרייקען מיר — האָט ערקלערט דזשעק אינ׳ם נאָמען פון דיא איבעריגע „הענד,“ וואָס זיינען דערביי אַנוועזענד געוועזען אַלס קאָמיטע צו מיסטער כליעבניצקי.

— געזונדערהייט — האָט מיסטער כליעבניצקי גענומען שרייען אויפגערעגט — „געזונדערהייט! דוא וועסט אָבער פגר׳ן פון הונגער, דזשעק, וויא אַ הונד וועסטו פגר׳ן!... פאַר דיר האַרט מיך ניט... אָבער פאַר דיין ווייב און קינדער — דוא ווייסט גאַנץ גוט, אַז מע קען דיך אין אַלע שעפּער, משוגענער דוא!... אַז דיר איז שווער צו קריגען אַ דזשאָב... נור פאַר דיין ווייב און קינדער האַרט מיך.... אַ רחמנות אויף זיי!..

— איך ווייס, אַז דוא האָסט אַ ווייך, גוט האַרץ — האָט איהם דזשעק דאָן געענטפערט מיט ביטערניש אין קול: „אַז נור אויס רחמנות צו מיין ווייב און קינדער וואָלסטו ניט וועלען, מע זאָל ביי דיר סטרייקען!... נו, און וואָס איז עפּעס מכח דיא ווייבער און קינדער פון דיא איבעריגע „הענד“ אין דיין שאָפּ? זיי קענען דאָך אויך הונגערען? האַ, זיי זיינען דיר פרעמדע, און דוא האָסט נור רחמנות אויף דיין ברודערס ווייב, אויף דיין ברודערס קינדער! וויא גליקליך איך דאַרף זיין, אַז איך האָב אַזאַ ברודער מיט אַזוי פיעל רחמנות צו מיין ווייב און קינדער!...

— ווער האָט עס אייך אויפגעטהאָן צו מאַכען מיין שאָפּ פאַר אַ יוניאָן־שאָפּ, האַ? האָט זיך מיסטער כליעבניצקי דאָן געווענדעט מיט כעס צו דיא איבעריגע „הענד“ פון קאָמיטעט.

— איך! האָט געענטפערט דזשעק.

— דוא? יאַ, איך האָב פערשטאַנען, אַז דאָס איז דיין קאָפּ!... בעצאָהלסט מיר, האַ? ווייל איך האָב דיר אַריינגענומען אין מיין שאָפּ אין דער צייט, ווען קיינער האָט דיך, אַזאַ



משוגענעם קאַרל מאַרקס, ניט געוואָלט אָננעהמען צו אַרבייטען? ווייל איך האָב דיר ניט געלאָזט פערהונגערן, דיך און דיין ווייב און קינדער? ווייל איך האָב דיר און דיין טאָכטער ראָזען געגעבען דיא בעסטע אַרבייט? אוואו איז ראָזאַ? — האָט מיסטער כליעבניצקי פּלוצים גענומען שרייען און לויפען אויפגערעגט איבער זיין אָפּיס — רופט מיר אַרונטער אַהער ראָזאַ׳ן!

ראָזאַ איז אַרונטערגעקומען, זיין ליעבע, טהייערע טאָכטער, מיט דיא עהרליכע, גוטע טויבען־אויגען. מיסטער כליעבניצקי האָט זיך דאָן געווענדעט צו איהר:

— ראָזאַ, ביסטו צופריעדען מיט דער אַרבייט אין מיין שאָפּ?

ראָזאַ קוקט אָן איהר אָנקעל דעם פאַבריקאַנט מיט איהרע עהרליכע אויגען פערוואונדערט און שווייגט.

— קריעגסטו ביי מיר שלעכטע אַרבייט? בייזערט זיך שוין אויף איהר מיסטער כליעבניצקי — אין אַנאַנדער שאָפּ האָסטו אַ מאָל געהאַט בעסערע אַרבייט? ענטפער! וואָס שווייגסטו? דאַרפסט האָבען, אַז מיין שאָפּ זאָל זיין אַ יוניען שאָפּ? דאַרף עס דיין טאַטע האָבען? דאַרפען עס זיי אַלע האָבען, אַט זיי אַלע?

ער ווייזט מיט׳ן האַנד אויף דיא איבעריגע פון קאָמיטעט און דאַן אַרויף, אויבען, פון וואַנען עס טראָגט זיך אַ זשוזשען פון מאַשינען...

— שור — ענטפערט שטיל ראָזאַ — שור, אַרבייטער מוזען בעלאַנגען צו אַ יוניאָן!

— זיי מוזען?! — שרייט מיסטער כליעבניצקי — זיי מוזען?! האַ, דוא אויך? ווער האָט עס דיר געזאָגט — דיין טאַטע, נעווער מיינד! באָט אַלל רייט! אַלל רייט! איהר דענקט, איך האָב מורא פאַר אייערע „יונענס?“ איך האָב ניט מורא, איך שרעק זיך ניט פאַר קיין „יונעס“!....

— היינט וואָס שרייט איהר, אַז איהר האָט ניט מורא פאַר קיין יוניאָן? — מאַכט שטיל ראָזאַ און קוקט איהר אָנקעל

גלייך אין פּנים מיט איהרע עהרליכע אויגען — אז איהר האָט ניט מורא, טאָ גיט נאָך אונזער פאָרדערונג און אָנערקענט אייער שאפּ אלס אַ יוניאָן־שאפּ!...

— דאָס וועט דיין טאַטע ביי מיר ניט דערלעבען! — שרייט מיסטער כליעבניצקי — גוט, גוט, סטרייקט, סטרייקט, איהר וועט אָבער קומען צוריק זיך בעטען! דזשעק, נעהם צו דיין טאָכטער און געה, געה גלייך! איך האָב פאר דיר קיין ארבייט ניט! געה צום שווארצען יאָהר, הונגער, פּגר... אַזאַ ברודער וויא דוא ביזט צו מיר וועל איך צו דיר זיין!... ניין, ניין, ראָזאַ, דוא בלייב מיט מיר אַ ווילע! אויף דיר האָב איך רחמנות... דוא ביזט אַ קינד, פערפיהרט פון דיין משוגענעם טאַטען... איך וויל דיר אויפקלערען, געבען פערשטעהען...

דזשעק לאַכט, ראָזא שמייכעלט.

— אונז איז שוין גענוג, אז מיר ארבייטען פאר אייך — ענטפערט ראָזאַ מיט אַ שמייכעל, — אויפקלערען וועלען מיר זיך שוין אליין אָהן אייער הילף!

דזשעק האָט גרויס פערגעניגען פון דיזען ענטפער פון זיין טאָכטער ראָזא, קושט זיא און לאַכט, און שרייט אויס מיט שטאָלץ: „דוא דארפסט זיא שוין ניט אויפקלערען. זיא איז שוין ביי מיר אויפגעקלערט. זיא פערשטעהט שוין דיא אינטערעסען פון איהר קלאַס, ניש־קשה! כא־כא־כא!... איבעררײדען וויל ער זיא, איבעררײדען מיין ראָזאַ'ן, „אויפקלעהרען“ זיא, געטראָפען דעם אָרט!“...

און אז ער דערמאָהנט זיך אויף דיזע סצענע, פיהלט זיך נאָך יעצט אויך דזשעק שטאָלץ פאַר זיך און פאר זיין טאָכטער ראָזאַ'ן: ער און זיין טאָכטער האָבען געוויזען אַ ביישפּיעל פאר דער וועלט, אז אין ארבייטער־קאַמפּף זיינען דיא אינטערעסען פונ'ם קלאַסען־ברודער הייליגער וויא דיא אינטערעסען פונ'ם לייבליכען ברודער...

באַלד אָבער דערמאָהנט ער זיך, אז פיעלע פון דיא סטרייקער האָבען פערלאָרען דיא האָפנונג צו געווינען דעם סטרייק;



אַז מאַנכע פון זיי, וויא זיין פערביסענער געגנער, דער קלאָוקמאַכער זשאָ קנור, וועלכער איז פון אָנפאַנג פערבליעבען סקעבען און וועמען דיא ארבייטער האָבען דאַן מיט געוואַלד געצוואונגען צו סטרייקען, — אז אזעלכע „סקעבישע נשמות“ — וויא דזשעק האָט זיי גערופען — האָבען עפענטליך גענומען אַגיטירען, אז דיא סטרייקער זאָלען געהען צוריק ארבייטען אויף דיא אַלטע קאָנדיציאָנען — און ער, דזשעק, פיהלט זיך ווידער פערצווייפעלט. —

— זיי וועלען דאַן זיין דיא חכמים — זיי, דיא סקעבס, דיא קנורים — טראַכט ער מיט כעס — דער „יוניאָן־פּרינציפּ“ וועט קריעגען אַ ביטערען קלאַפּ... מיין ברודער, דער בלוטזויגער, וועט דאַן בלייבען גערעכט... מען איז טאַקי געקומען זיך בעטען צו איהם צוריק!... מען טאָר עס ניט דערלאָזען, מע טאָר ניט! מע מוז דיא ארבייטער ווידער אויפמונטערען צום קאַמפּף.

ער נעהמט אריין דעם קאָפּ אין זיינע ביידע הענד, שפּאַרט זיך אָן מיט דיא עלענבויגענס אָן טיש אזוי, אז דער טיש קרעכצט, און טראַכט, וואָס צו טהאָן, אום דיא ארבייטער ווידער אויפצומונטערען צום קאַמפּף...

דזשעק איז אַ שטאַרק געבויעטער איד, מיט אַ קליין, רונד געשאָרען, שווארץ בערדיל, אַ יאָהר פערציג אלט, אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ ברייטען, פליישיגען פּנים און מיט קליינע אויגען פון אַן אונבעשטימטער פארב. ווען ער איז גוט אויפגעלעגט, דאַן קוקט אויס זיין פּנים גוטמוטהיג, פריינדליך און זיינע אויגען בלישצען דאַן, וויא ביי אַ פריינדליך קינד; ווען ער איז אויפגערעגט, ווען ער איז ביזז, קוקט אויס זיין פּנים וויא אַ וואָלקען, און זיינע קליינע אויגען ווערען דאַן שאַרפע, שטעכעדיגע, מיט אַ בייזען פייערל, וויא ביי אַ צורייצטען וואָלף...

דיא, וואָס קענען איהם גוט, ווייסען, אז ער איז זעהר אַ שטאַרקער מאַן, כאָטש זעלטען ווער האָט איהם געזעהען זיך אַ מאָל שלאָגען. אז ער פלעגט ווערען שטאַרק אין כעס, ווען אין זיינע קליינע אויגען פלעגט זיך אָנצינדען אַ ווילדער פייערל

און איבער זיין פּנים פלעגט זיך צושפּרייטען א פינסטערער וואָלקען, פלעגט ער אָדער אריינכאַפּען זיינע פינגער אין מויל און נעהמען זיי בייסען, אָדער ער פלעגט נעהמען קלאַפּען אָן טיש אזוי לאנג, מיט א צוקרימטען פּנים פון אויפרעגונג, ביז ער פלעגט זיך בערוהיגען. געוועהנליך, איז שווער געוועזן אריינצוברענגען איהם אין אזא כעס, ווייל ער האָט זיך אימער געסטאַרעט צו בעהערשען. אין אַזאַ כעס האָט איהם געקענט אריינבּרענגען נור אַן עקסטראַ צופאַל, וויא למשל: אז א פּראָמינענטער סאָציאַליסט, פון וועלכען איבּערהויפּט ער האָט אַליין געהאַלטען, איז א מאָל געוואָרען א „פעררעטהער צו דיא פּרינציפּען פון דעם אמת'ען סאָציאַליזמוס" — וויא ער האָט זיך אויסגעדריקט... אָדער, ווען אימיצער פלעגט זאָגען, אז קאַרל מארקס האָט געהאַט א טעות אין גאַנצען... (פאר זיין אננעהמען זיך פאר קאַרל מאַרקס האָט ער אייגענטליך געקראָגען דעם נאָמען „קאַרל מארקס") אָדער, אז זיין פרוי פלעגט א מאָל דערלאַנגען צום טיש בּרויט אָהן א יוניאָן לייבּעל...

עס איז ארום צעהן אין דער פריה, אין א זומער־טאָג. בּיי איהם אין שטוב, אויפ'ן צווייטען שטאָק פון א טענעמענט־הויז, אין נאָרפאָלק סטריט, איז האַלבּ דונקעל. דיא פענסטער זיינען פערשטעלט פון א גרויער וואַנד פון א צווייטער טענעמענט־הויז.

אויף די ווענד הייגגען פערשיעדענע בילדער: א גרויסעס בּילד פון קאַרל מאַרקס אין א בּראָנזענעם ראהם, א עטוואָס קלענערעס בּילד פון לאַסאַל אין א הילצערנע ראהם; דאַן א פּאָר קאַמפּיין־בּילדער פון סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען אָהן שום ראהמען און דאַן עפּעס א בּילד, וואָס מיינט הפּנים מיט זיך פאָרצושטעלען דיא „רעוואָלוציאָן" און אפשר א געוועהנליכע שרפה. דען דאָס בּילד שטעלט פאָר א גרויסען רויטען פלעק.....

אין שטוב איז שטיל. זיין ווייב יענטע איז אוועק ערגעץ אין סטריט. זיין טאָכטער ראָזאַ איז אַוועק אין לאָקאַל צו דיא



סטרייקער. דיא אַנדערע צוויי קינדער, בּעני, צעהן יאָהר אַלט, און ענני, ניין יאָהר אַלט, שפּיעלען זיך מסתמא אויפ'ן סטריט.

דזשעק הייבּט זיך אויף פון אָרט, נעהמט געהן אויפגערעגט איבּער'ן צימער, רייבּט זיך נערוועז דעם שטערן מיט'ן האַנד, שציפּלעט מיט דיא פינגער דיא בּערדעל און טראַכט: „וואָס טהוט מען? מע מוז זיי וואַרעמען... וואו נעהמט מען אַ גוטען רעדנער?"

ער בּלייבּט שטעהען געגען לאַסאַל'ס בּילד, קוקט אויף איהם און קוקט, שציפּלעט זיין בּערדיל און קוקט: „אָט, אז איך וואָלט איהם יעצט געהאַט, אָט איהם, איהם דאַרף איך יעצט, נור איהם!"... דאַן פאַלען זיינע אויגען אויף דאָס בּילד פון קאַרל מאַרקס נעבּען לאַסאַל'ס און ער שעפּצעט: „און ער? ער וואָלט זיי ניט געקענט וואַרעמען, וואָס?... עט! (ער טהוט א מאַך מיט'ן האַנד) ער וואָלט זיך ניט פערנומען מיט אזוינע קליינינקייטען... ער, אַזאַ גרויסער מאַן, דאַרף זיך פערנעהמען מיט דער גאַנצער וועלט, מיט דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער און ניט מיט איין קליינעם טהייל פון דיא אַרבּייטער!" „אַרבּייטער פון אַלע לענדער פעראייניגט אייך!" שעפּצעט דזשעק, דאַן טהוט ער א שווערען זיפץ און דאַן א שטאַרקען שפּיי: „טפוי, א כאָלעריע אויף זיי, אויף דיא סקעבּס, אויף דיא בּאַנדיטען, אויף דיא קנורס!"

אין דיעזער צייט לויפט אריין ראָזאַ אין שטוב. זיא איז א שלאַנקע יונגע מיידעל, מיט בּלאָנדע געקרויזטע האָר, מיט א ליעבּליכען, פרישען, רונדען און ווייסען פּנים, מיט א פערריסען נעזעל, מיט א שעהן מויל, מיט פולע, ראָזעווע ליפּען און מיט גרויסע, ערנסטע בּלויע אויגען, אין וועלכע עס טונקט זיך אָפּ א גאַנצער הימעל.

— אוי, וויא דאָ שטיקט! — רעדט זיא ארויס, וויא פאַר זיך, קנייטשט איהר ווייסען שטערנדיל, וואַרפט זיך פערמאַטערט אויף א שטוהל און נעהמט אראָפּ פונ'ם קאָפּ דיא ווייסע ייטרויענע העטקע.

— נו, ראזא, וואס הערט זיך עפעס דארט? — פרעגט דזשעק מיט אימפעט.

— איך האב מורא, אז דער סטרייק איז פערלארען. פיעלע האלטען יעצט מיט קנור'ן, אז מען דארף ערקלעהרען דעם סטרייק פערלארען און געהן צוריק ארבייטען.... אוי, פאפא—מאכט ראזא מיט וועהטאג — קנור האט אזוי אויפגעהעצט דיא ארבייטער געגען דיר... זיי שילטען דיך, זיי זידלען דיך, זיי שרייען, אז דוא האסט זיי פערפיהרט!...

— איך האב זיי פערפיהרט? פערפיהרט? כא־כא־כא! — צולאכט ער זיך מיט זיין באס־שטימע — דיא פינסטערע מוחות, פערפיהרט האב איך זיי!... גוט, גוט! ראזא, טאכטער מיינע, מאכט ער צו איהר, וויא מיט געבעט — מע טאר ניט דערלאזען, אז מע זאל קוקען אויף דיא עהרליכע ארבייטער, וויא אויף פערפיהרער. מע מוז ווידער אויפמונטערען דיא ארבייטער צו סטרייקען... נאך א וואך צייט, אז מיר זעצען פארט דעם סטרייק, זיעגען מיר, דוא פערשטעהסט: מ י ר און ניט דיא קנורס, ניט דיא סקעבס און ניט דיא בלוטזויגערס... זעץ זיך ביים טיש. מע מוז שרייבען א ווארימען אויפרוף אין דער צייטונג... אפעלירען צו די סטרייקער, צו אלע עהרליכע ארבייטער... זעץ זיך און שרייב... איך וועל דיר זאגען וואס!...

ער נעהמט פון מענטיל־פיס א טינטער מיט א פעדער און שטעלט עס אויפ'ן טיש.

— האסטו פאפיער? פרעגט ראזא.

— פאפיער?

ער טאפט ארום זיך אין דיא קעשענעס. דאן שלעפט ער ארויס פונ'ם בוזים־קעשענע א פעקעל מיט געדרוקטע צירקולארס, לייגט עס אויפ'ן טיש.

אט שרייב אויף דיא צירקולארס!... אלטע צירקולארס, פערבליעבען נאך פונ'ם קאמפיין... שרייב!...

זיא זעצט זיך ביים טיש, נעהמט דיא פעדער אין האנד אוןווארט, אז ער זאל איהר זאגען, וואס צו שרייבען.



— שרייב: „ארבייטער... אן אויפרוף צו דיא ארבייטער... איהר זייט בלינד... איהר זייט פינסטערע מוחות... וויסען ווילט איהר ניט... פערשטעהען ווילט איהר ניט.. שעפסען זייט איהר... עזלען, דומע עזלען...“

ראזא ברעכט אונטער דעם שרייבען, קוקט אן דזשעק'ן און מאכט — „עזלען?...“ דאס איז עפעס וויא געזידעלט!...

— שרייב, שרייב: „עזלען!“ — דונערט דזשעק מיט זיין באס — דער אויפרוף מוז געשריעבען ווערען שטארק, מיט פייער! נו, שרייב : „דומע עזלען....“

ראזא שרייבט.

— און וואס ווייטער? פרעגט זיא.

— ווייטער? ווייטער? (ער נעהמט לויפען איבער'ן שטוב, קראצט זיך דעם קאפ אונטערן ווייסען, שטרויענעם הוט, קנייטשט דעם שטערן) ווייטער?... אוי, — טהוט ער א קרעכץ — אז איך וואלט געקענט ארויסגעבען אלעס אין ווערטער, וואס עס בושעוועט ביי מיר אט דא, אט דא! — און ער קלאפט זיך אין הארצען, אום צו ווייזען וואו עס בושעוועט ביי איהם — ראזא, מאכט ער פלוצים מיט געבעט — קענסטו עפעס ניט צולייגען צו דעם אויפרוף פון דיין קאפ..... דו פערשטעהסט דאך אויך דיא לאגע, דעם גאנצען עלענד פון אונזערע ארבייטער, הא, טאכטערקע?....

— ניין, פאפא, איך אליין וויים ניט וואס צו שרייבען...

— דוא ווייסט ניט? שלעכט! איך ווייס יע וואס צו שרייבען, איך ווייס אבער ניט וויא עס ארויסצוברענגען אויפ'ן פאפיער, ביטער! היינט וואס טהוט מען? פרעגט ער מיט א צוקרימט פנים פון אנגעשטרענגטען טראכטען — ווייסטו וואס — מאכט ער דאן צוטראגען — דעם אויפרוף וועלען מיר יעצט ניט שרייבען. מיר וועלען לויפען צו גענאסע שטאקמאן און בעטען, אז ער זאל געהן היינט רעדען צו דיא סטרייקער, זיין רעדע וועט נאך בעסער אויפמונטערען דיא סטרייקער, וויא אן אויפרוף. וויא דענקסטו, מיין טאכטער?

—אויב גענאסע שטאקמאן וועט געהן, איז אודאי בעסער.

—ער וועט געהן, ער וועט מוזען געהן, ווען מע וועט איהם דערצעהלען דיא גאנצע לאגע. ער האט דאך ביי אונז נאך גאר ניט גערעדט פאר דיא סטרייקער. נור זיינע א רעדע קען אונזער סטרייק וויעדער אויפלעבען. נור שטאקמאן'ס א רעדע... געה טאקי גלייך צו איהם, מיין טאכטער, זאג איהם, אז איך בעט איהם, אז עס איז זיין פליכט צו געהן היינט רעדען צו אונז! ווארט, ווארט, איך וועל בעסער אליין צו איהם לויפען! וואו איז דיא מאמע? — פרעגט ער פלוצים — שוין א צוויי שטונדען, אז זיא איז אוועק און זיא איז נאך ניטא צוריק.

— דיא מאמע האט געמוזט געהן ערגעץ לייהען א פאר דאלאר... אויף איהר איז אויך א רחמנות... זיא פערשטעהט אונז אפילו ניט... אבער עסען וויל זיא דאך... און דער גראסערער און דער בוטשער ווילען ניט מעהר בארגען..

דזשעק שווייגט אווײלע, דאן פרעגט ער:

— צו וועמען איז זיא געגאנגען לייהען געלד? ווער וועט איהר לייהען?...

—איך ווייס? זיא האט געזאגט, זיא וועט פרובירען געהן צו לאנדסלייט! זאגט ראזא.

אין דיזער צייט דערהערט זיך א קלאפ אין טהיר. ראזא עפענט, און אין שטוב קומט אריין דזשעקס ברודער, מיסטער כליעבניצקי, דער פאבריקאנט, ביי וועמען עס געהט אן דער סטרייק.

דערזעהענדיג איהם, בלייבט ראזא שטעהן מיט גרויסע, אויסגעגלאצטע אויגען אויפ'ן טהיר, וויא פערשטיינערט; דזשעק טרעט אויך אפ עטליכע טריט אהינטער צומישט...

2.

מיסטער כליעבניצקי איז אויפ'ן ערשטען בליק זעהר עהנליך צו דזשעק'ן: דערזעלבער הויכער וואוקס, דיא זעלבע ברייטע פלייצעס, דער זעלבער ברייטער פנים מיט קליינע לעבעדיגע אויגען, נור דיא שווארצע בערדיל איז ביי איהם אנדערש גע־



שארען, וויא ביי דזשעק'ן: ניט רונד, נור מיט א שפיץ... אז מע קוקט זיך אבער גוט צו צו איהם און צו דזשעק'ן, בעמערקט מען גלייך, אז כאטש זיי זיינען עהנליך איינער צום אנדערען, איז דאך עטוואס דא אין זייער אויסזעהען, אין זייער גאנצען האלטען זיך, וואס אונטערשיידעט זיי שטארק איינעם פון אנדערען. דיעזעס „עטוואס" איז דיא חתימה, וואס דיא גאנץ בעזונדערע אומשטענדען האבען אויף זיי ארויפגעלעגט... מיסטער כליעבניצקי איז אנגעצויגען אין א שווארצען קאסטיום, פון אונטער וועלכען עס בלישצעט ארויס א ווייס־געפרעסטע העמד, מיט א הויכען שטעהענדיגען קראגען, טראגט א צילינדער־הוט אויפ'ן קאפ, א גאלדענע קייטעל אויפ'ן זשילעט און שטעהט זיך ביים טהיר אנגעשפארט אויף א שטעקעל מיט א זילבערנע הענטעל — און דאס אלעס פאסט, דאכט זיך, צו איהם, וויא עס פאסט זיך צו דזשעק'ן דיא אלטע, געלבזיכטיגע שטרויענע הוט, דיא ביליגע ראזעווע העמדעל מיט דעם אבגעגלעטען קראגען און דער ווייסער לייווענדענער רעקעל מיט דעם צוריסענעם ארבעל אונטער'ן פאכווע...

ער נעהמט ארונטער דעם צילינדער־הוט פון'ם קאפ, מיסטער כליעבניצקי, ווישט איהם אויס מיט א ווייסער טיכעל, דאן ווישט ער זיך אפ דעם שוויים פון'ם שטערען און פון'ם נאקען, אונטערן קראגען, זעצט זיך אוועק אויף א שטוהל ניט ווייט פונ'ם טיש, שטעלט אוועק דעם שטעקעל צווישען דיא קניע, הייננגט אויף איהם אויף דעם צילינדער־הוט, קוקט אויף דזשעק'ן, אויף ראזא'ן, ארום זיך איבער'ן שטוב, און שווייגט — דאן זיפצט ער זיך אב, שאקעלט מיט'ן קאפ און רעדט ארויס:

— א שטוב א ביסעל... א הויז... פארניטשור!... וועה איז מיר, וועה, וויא לעבט איהר דא?! אוי, דזשעק, דזשעק, וואס טראכסטו זיך?... וואס וועט זיין דער סוף פון דיר?...

דזשעק קומט צו זיך, קוקט איהם אן אויפגערעגט און רעדט ארויס מיט זיין באס שטימע:

— הער אויס, ביזטו געקומען צו מיר, ווי אַ ברודער, צו ווי אַ באָס? אויב ווי אַ ברודער, צו זעהען, וואָס איך מאַך, וואָס מיין ווייב מאַכט און וואָס מיינע קינדער מאַכען, בעדאַנק איך דיר זעהר שעהן; ביזטו דאַן ביי מיר אַ גאַסט, אַ גוטער גאַסט, און איך ענטפער דיר, אַז מיר זיינען אַלע גאָט צו דאַנקען געזונד. אָבער אויב דו ביזט געקומען אַהער, ווי אַ באָס און נאָך מיט אַ גאַנצען וואָגען מוסר, דאַן בעסער, דאַן, דאַן...

ער ענדיגט ניט נעהמט לויפען איבער'ן צימער און בייסט פון אויפרעגונג זיינע פינגער. ראָזאַ לויפט צו צו איהם, כאַפּט איהם אָן פאַר'ן אָרעם און רעדט אַרויס מיט אַ וויינען, בעטענדען קול:

— פּאַפּאַ, בערוהיג זיך, דער פעטער איז דאָך ביי אונז צו גאַסט!...

— צו גאַסט איז ער ביי אונז, צו גאַסט? דונערט דזשעק— וואָס עפּעס דוקא היינט?... גוט אָבער, גוט... זאָל זיין, אַז ער איז געקומען צו גאַסט! ברוכים הבאים! ברוכים הבאים! רעדט ער מיט אַ שטילערען קול, אָבער מיט ביטערניש — גוט, איך וועל זיין רוהיג... איך וועל איהם רוהיג אויסהערען!

און ער וואַרפט זיך אויף אַ שטוהל אין מיטען שטוב מיט'ן פנים צו זיין ברודער, שפּאַרט אָן די הענד אָן די קניע, בויגט זיך אַביסעלע אויס אין פאָראויס, קוקט זיין ברודער גלייך אין פנים מיט שאַרפע, שטעכעדיגע אויגען און זאָגט מיט איראָניע אין קול:

— נו, וואָס וועסטו מיר עפּעס דערצעהלען גוטעס. מיין ברודער?

— הער אויס — מאַכט מיסטער בליעבניצקי מיט ענטשלאָסענהייט אין קול, הייבט זיך אויף פון זיין אָרט, לייגט אַוועק דעם שטעקעל מיט דעם צילינדער־הוט אויפ'ן טיש און טהוט עטליכע שריט נעהענטער צו דזשעק'ן: — הער אויס: היינט וויל איך זיך מיט דיר דורכריידען. היינט!... דזשעק, זיי וויסען, אַז היינט אָדער מאָרגען פאַנג איך אָן ווידער צו אַרבייטען מיט



דיא אַלטע „הענד“ אויף דיא אַלטע קאָנדיציאָנען... דעם „יוניאָן־שאָפּ“ האָב איך זיי שוין ארויסגעשלאָגען פונ'ם קאָפּ!...

— נעווער אין יור לייף! — ברעכט איהם אונטער דזשעק, שפּרינגט אויף פונ'ם אָרט, צולאַכט זיך מיט אַ נערוועזען געלעכטער און נעהמט לויפען איבער'ן שטוב: — כאַ! כאַ! כאַ! „ארויסגעשלאָגען... איך האָב ארויסגעשלאָגען“... איך?! ווער ביזטו אזוינס, וואָס דוא האָסט ארויסגעשלאָגען פון זייערע קעפּ?!

— דונערט דזשעק מיט זיין שטימע און קלאַפּט מיט'ן האַנד אָן מענטיל־פּיס מיט אַזאַ קראַפט, אַז קאַרל מאַרקס, לאַסאַל און דיא גאנצע „רעוואָלוציאָן“ טרייסלען זיך און ציטערן פון אויבען אויפ'ן וואַנד: — ווער ביזטו, זאָג: אַ רוסישער קיסר, האַ?! שעפּסעל, שעפּסעל, וואָס פאר אַ גרויסער חכם דוא ביזט געוואָרען דאָ אין אַמעריקאַ! אין דער היים ביזטו געוועזן, דאכט זיך, אזא בהמה, פאר א „פערטעלע“ אויף נאַדאָווקע ביזטו צופריעדען געוועזן, אז יעדער זאָל דיר שפּייען אין פּנים, און דאָ...

— דזשעק! — ברעכט איהם אונטער מיסטער בליעבניצקי מיט אַן אויפגערעגטען געשריי, אַ קלאַפּ טהוענדיג מיט'ן פוס, ווערט רויט, וויא אַ בוריק, לויפט צו צום טיש און כאַפּט מיט ציטערענדע הענד פון אויפרעגונג זיין צילינדער־הוט מיט זיין שטעקעל.

— פּאַפּאַ! — לויפט צו צו דזשעק'ן מיט אַ בעטענדען קול ראָזאַ — פּאַפּאַ, בערוהיג זיך!

זיא זעהט אויס בלייך, צושראָקען, קוקט מיט אונרוהיגע אויגען אויפ'ן פעטער און אויף איהר פאָטער.

דזשעק ווערט אַנשוויגען, שפּארט זיך אָן מיט'ן עלענבויגען אָן מענטעלפּיס. קעהרט אָפּ דעם קאָפּ פונ'ם ברודער און קוקט אויפגערעגט אויפ'ן וואַנד.

זיין ברודער טהוט אָן דעם צילינדער־הוט, שפּארט זיך אָן אָן דעם שטעקעל, שטעהט זיך אזוי האַלב אומגעקעהרט צום טהיר צו און האַלב צו דזשעק'ן צו, שאָקעלט אונטער נערוועז

מיט א קניע, בייסט דיא ליפען פון אויפרעגונג און קוקט, און קוקט מיט פינסטערע אויגען אויף דזשעק'ן.

ראזא בלייבט שטעהן א בלאסע נעבען פאטער, קוקט פער'גנב'עט אויף'ן פעטער און קלייבט נערוועז איבער מיט דיא פינגער דיא פאלדען פון דער ראזעווער ווייסטעל, וואס זיא טראגט,ביים ברוסט...

א שווערע שטילקייט הערשט אויף א ווייל אין דיעזער הויז.... זיי אלע פיהלען, אקוראט וויא איבער'ן שטוב וואלטען זיך ארומגעטראגען פינסטערע וואלקענס...

אויפ'ן סוף ברעכט אונטער מיסטער כליעבניצקי דיא שטילקייט און רעדט ארויס צווישען דיא ציינער:

— אלזא, גוט, גוט! אל רייט!... איך זעה, אז מיינע רייד וועלען זיין ארויסגעווארפען! איך געה, איך געה!... טהו זיך, וואס דו ווילסט! פיהר זיך וויא דו ווילסט, ניט מיינע ביזנעס!... דו הונגערסט שוין.... בארגען אין גראסערי בארגט מען שוין דיר אויך ניט... פרעמדע האבען מורא דיך ארייןצונעהמען אין שאפ, אזא משונענעם!... איך וועל דיך ניט קענען ארייננעהמען אין מיין שאפ, ווען דוא בלייבסט סטרייקען ביז דער לעצטער מינוט.... מיין בעסטען ווילען וועל איך דיך דאן ניט קענען בע־שעפטיגען... דען איך וועל מוזען ווייזען דיא אנדערע „העגד", אז א משונענער קען ביי מיר ניט האבען קיין „שאו", מעג ער אפילו זיין מיין לייבליכער ברודער!... אלל רייט, איך קען דיך ניט קלאהר מאכען... אלל רייט... א גוטען!..

ער נעהמט געהן מיט ענטשלאסענע טריט צום טהיר צו. דזשעק שטעהט נאך אלץ אנגעליינט מיט'ן עלענבויגען אן מענטעלפים און קוקט אויפ'ן וואנד, וויא פריהער; ראזא שטעהט נעבען דזשעק'ן מיט אן ארונטערגעלאזענעם קאפ, קוקט אויפ'ן פלאר פערטראכט, אונמוטהיג און קנייטשט מיט דיא פינגער דיא פאלדען פון איהר ווייסטעל.

ביים טהיר בלייבט שטעהען מיסטער כליעבניצקי, קעהרט זיך ווידער אום מיט'ן פנים צו דזשעק'ן, קוקט א ווייל מיט פינ־



סטערע אויגען אויף דזשעק'ס רוקען, טהוט א שאקעל מיט'ן קאפ און זיפצט אפ. און פלוצים טהוט ער א קלאפ מיט'ן שטעקעל אן פלאאר אזוי, אז ראזא טהוט זיך א טרייסעל און קוקט איהם אן מיט צושראקענע אויגען, און ער טהוט א לאף צו דזשעק'ן צו און שרייט אויס מיט א קול, אין וועלכען עס קלינגט געבעט:

— דזשעק!... דאדזשע, דאדזשע, ברו־ו־ודער!!...

ער כאפט אן דזשעק'ן פאר'ן אקסעל און שלעפט איהם...

— קום — בעט ער זיך ביי איהם, — קום זעץ זיך דא אויפ'ן טשער... און הער מיך רוהיג אויס... איך וועל לאנג ניט ריידען... דאן מעגסטו טהאן, וואס דוא ווילסט.

דזשעק קוקט אויף איהם מיט גרויסע אויגען... און מור־מעלט צומישט: — וואס ווילסטו?

— זעץ זיך נור אויף איין ווייליכקע און הער מיך אויס!...

— אלל רייט! אלל רייט!... איך זעץ זיך. (ער זעצט זיך און קוקט אויף זיין ברודער מיט נאך גרעסערע אויגען) נו, וואס ווילסטו מיר ווידער זאגען?

ראזא זעצט זיך אויך אוועק אויף א שטוהל און קוקט אויך פערוואונדערט אויף איהר פעטער.

— דזשעק — זאגט דאן מיסטער כליעבניצקי מיט אן אויפגערעגטען קול — דזשעק, מיט טהוט וועה דאס הארץ פאר דיר, פאר דיין ווייב און קינדער... דוא ביזט מיינער א ברודער, א איין איינציגער ברודער.... (דזשעק טהוט א מאך אונגעדולדיג מיט'ן האנד, וויל זיך אויפהויבען פון'ם ארט, כליעבניצקי האלט איהם אפ) ווארט, ווארט, הער מיך אויס... איך וועל לאנג ניט ריידען!... דזשעק, ווארום זאלען מיר קוקען איינער אויפ'ן אנ־דערען, וויא דם שונאים? — רעדט כליעבניצקי מיט ווארימקייט אין קול — דאדזשע, דוא האסט דאך מיך א מאל שטארק ליעב געהאט... געדענקסטו דיא היים?... דיא קצבישע גאס?... דיא אלטע חורבה, וואו מיר זיינען ביידע געבארען געווארען, וואו מיר האבען זיך ביידע אויפגעהאדעוועט, אויסגעוואקסען... גע־ווארען בחורים און דאן חתונה געהאט?... געדענקסטו דעם לאנגען

טיש אין יענער חורבה?... מיר זיצען אלע ביים טיש: אונזער אלטער טאטע, דוא, איך, שמערל דער שווארצער, חיים לכה דודי. מיר זיצען אלע, ווער מיט א שער, ווער מיט א נאדעל און ווער מיט א שטיקעל קרייד אין האנד... מיר ארבייטען פון אינדער־פריה ביז שפעט אין דער נאכט.... מיר זינגען ביי דער ארבייט, מיר דערצעהלען מעשות איינער דעם אנדערען...

— איך געדענק, איך געדענק — ברעכט איהם אונטער דזשעק מיט א ווייכערען קול, שטעהט אויף פון ארט און נעהמט געהן איבער'ן צימער הין און צוריק — איך געדענק„ א גאלדענע צייט איז דאן געווען, א גליקליכע... וויא איך וואלט וועלען האבען יענע צייט צוריק!... וואלסטו יעצט אויך געוואלט האבען יענע צייט צוריק?... — פרעגט דזשעק זיין ברודער מיט א לייכטער איראניע אין קול, קוקענדיג אבער אויף איהם יעצט מיט מעהר פריינדליכע אויגען, וויא פריהער.

—ווארט, ווארט, לאז מיך א פריהער ענדיגען, וואס איך וויל דיר זאגען, דאן וועל איך דיר ענטפערען אויף דיין פראגע — מאכט מיסטער כליעבניצקי. — מיר ביידע זיינען געוועז קינדער, ווען אונזער מוטער איז געשטארבען. דוא ביזט געוועזן אלט ניין יאהר, איך — צעהן... ביידע האבען מיר דאן געליטען פון אונזער שטיעף־מוטער... ווען דיא שטיעפמוטער האט דיך געשלאגען, האב איך געוויינט... ווען זיא האט מיך געשלאגען, האסטו זיא געשאלטען... דוא אליין האסט קיין מאל ניט געוויינט: ניט, אז מע האט דיך געשלאגען און ניט אז מע האט מיך געשלאגען... דוא האסט געזידעלט, געשאלטען, געטהאן אויף צו להכעיס, אבער קיין מאל ניט געוויינט... א פערביסענע הארץ האסטו נאך פון קינדוויז אן געהאט!... איך געדענק: דער טאטע האט דיר א מאל ביי דער ארבייט געגעבען אזא פאטש, אז פונ'ם נאז האט ביי דיר א גאס געטהאן א שטראם בלוט... איך האב דאן גענומען קלאגען מיט שרעקליכע קולות... דוא אבער... דוא האסט דאן אויך ניט געוויינט... דוא האסט נור א כאפ געטהאן דיא שער פונ'ם טיש און האסט איהר א שמיץ געטהאן



אן דר'ערד און דאן האסטו ארייגעכאפט דעם ארבעל פון דער העמד אין מויל און האסט איהם צוריסען מיט דיא ציינער פון כעס, אבער דוא האסט ניט געוויינט, דוא האסט אפילו ניט א כליפע געטהאן!

כליעבניצקי'ס ווערטער ווירקען אויף דזשעק'ן, און וואס לענגער ער רעדט, אלץ פרעהליכער און גוטמוטהיגער ווערט דזשעק'ס פנים, אלץ פריינדליכער קוקען דזשעק'ס אויגען... ער געהט ארום איבער'ן שטוב. הערט זיך צו צו זיין ברודער און אין זיין מוח לעבען אפ אלטע, פערגעסענע בילדער און אין זיין נשמה — געפיהלען, וועלכע זיינען אי אזוי טרויעריג, אי אזוי פרעהליך...

אויף ראזא'ן מאכען כליעבניצקי'ס ווערטער אויך זעהר א שטארקען איינדרוק. דער טאטע איהרער מאלט זיך אפ אין איהר יונגער פאנטאזיע אלס א גרויסער העלד נאך פון קינדווייז אן, און אין איהר נשמה ערוועקט זיך א געפיהל פון שטאלץ מיט איהר טאטען; זיא שטעהט אויף פון ארט, געהט צו צו איהם, נעהמט איהם ארום און רעדט ארויס מיט ליעבע אין קול:

— מיין גוטער פאפא, דוא ביזט אימער געוועזן אלל רייט!..

דזשעק צולאכט זיך גוטמוטהיג, קושט איהר אין שטערן און דאן ווענדעט ער זיך צו זיין ברודער שוין מיט התפעלות אין קול:

— און געדענקסטו, שעפסעל, אז מיר האבען געהאט איין פאאר שטיוועל? אז דוא פלעגסט אפטראגען דיא ארבייט צום קונד, פלעגסטו זיי אנטאן, און אז איך פלעג אפטראגען — פלעג איך זיי אנטאן?...

— איך געדענק, איך געדענק — כאפט אונטער כליעבניצקי אויך מיט התפעלות און צולאכט זיך פריי, אונגעצוואונגען: — אוי, ברודער'ל, האבען מיר א מאל איינעם דעם אנדערן ליעב געהאט!... — לייגט ער צו מיט אן ערנסטען טאן — האבען מיר מיטגעפיהלט דאן איינער מיט דעם אנדערן!.... אונז האט געפעהלט דיא ליעבע פון אונזער מאמע און דיזע ליע־

בע האָבען מיר געזוכט איינער ביים אַנדערען... געדענקסטו, דאָדזע, יענעם תשעה באב... אז מיר זיינען געווען אויפ'ן בית עולם און האָבען געריסען עפּעל פון דיא בוימער?... אונטערן בוים האָב איך פּלוצים דערזעהען דיא מצבה פון אונזער מוטער... „דיא מאַמע!“ — האָב איך אַ געשריי געטהאָן, און בין צוגעפאַלען צום שטיין... דוא ביזט דאַן געווען אויבען אויפ'ן בוים און האָסט איהם געטרייסעללט... דוא ביזט אראַפּגעקראָכען פונ'ם בוים און באלד ביזטו געלעגען נעבען מיר אויף דער מצבה און האָסט אויך געוויינט... דאָס איז געווען דאָס איינציגע מאָהל, וואָס איך האָב דיך געהערט וויינען!...

ביי דיא לעצטע ווערטער הערט זיך טרערען אין זיין שטימע; ער נעהמט אַרויס דיא טיכעל פונ'ם פּאַקעט, קעהרט אָפּ דעם קאָפּ, ווישט מיט איהר דיא אויגען און סאָפּעט.

ראָזאַ צו־וויינט זיך אויך ביי דעם אויפ'ן קול, פערשעהמט זיך און לויפט ארויס, כליפּענדיג, אין אַ צווייטען צימער.

און דזשעק שטעהט אויך אין מיטען שטוב, קוקט אויפ'ן ברודער מיט אויגען, אָנגעפילט מיט טרערען, און שמייכעלט צומישט...

— נו, וואָס האָסטו זיך דערמאָנט? — מורמעלט ער — אַלטע מעשות... קינדערשע יאָהרען... און ער וויינט, דער נאַר!.. וואָס וויינסטו?... נו, וואָס?... וואָס?..

ער קעהרט אָפּ דעם קאָפּ, שמייכעלט און ווישט פער־גנב'עט דיא אויגען. און פּלוצים טהוט זיך דזשעק א קעהר צו זיין ברודער, קוקט איהם אָן אַ ווייל מיט דיא אויגען, פערשלייערט פון טרערען. דאַן טהוט ער זיך אַ וואָרף צו איהם, כאַפּט איהם אָן פארביידע אקסלען און שרייט אויס מיט ליידענשאפט אין קול:

— שעפּסעל, שעפּסעל, דו ביזט דאָך דער זעלביגער גוטער אַמאָליגער שעפּסעל, איך זעה דאָך, אז דוא האָסט דיא זעלביגע ווייכע האַרץ, וואָס אַ מאָהל! — היינט וויא קומט עס, וואָס דוא ביזט יעצט אַזאַ בלוטזויגער?!... אַזאַ הויטשינדער?!... וויא קומט



עס? וויא קומט עס? שעפּסעל, שעפּסעל, אַך, שעפּסעל — שרייט דזשעק און אין זיין שטימע קלינגט אַזאַ טיעפער וועהטאָג — אַז דוא וואָלסט פערבליעבען דער אַמאָליגער שניידער, איך וואָלט דאַן דיך מעהר ליעב געהאַט, נאָך מעהר וויא אַ מאָהל, ווארום דאַן וואָלסטו זיכער געווען איינער פון אונזערע, אַ גוטער קעמפּפער אין אונזערע רייהען!...

— אַ גליק וואָלט מיך געכאַפּט, אַז איך וואָלט געווען איינער פון אייערע משוגעים!... — מאַכט כליעבניצקי, דריקט מיט דיא פּלייצעס און שאָקעלט דעם קאָפּ מיט בעדויערען. — געוואלד, דאָדזשע, — שרייט ער דאָ אויס מיט היטץ — דוא ביזט דאָך ניט קיין קינד!... זעה, איז דאָס אַ וואָהנונג פאר אַ מענשען?

— ער הויבט אויף דעם שטעקעל, דרעהט זיך מיט איהם אויף אַלע זייטען און ווייזט מיט איהם אויף דיא ווענד, אויפ'ן פּאָלאָב, אויפ'ן פּאָדלאָגע און אויף דיא ביסעל אָרעמע בעבעכעס אין שטוב: — האָסטו געדארפט אזוי לעבען?... האָסטו שוין ביז יעצט ניט געקענט לעבען, וויא א מענש מיט אלע בעקוועמליכקייטען און האָבען דערביי כבוד און געלד און ניט, מען זאָל דיך רופען „משוגענער קאַרל מארקס,“ און זיין אויף אַזעלכע צרות?!... דאָדזשע, איך בין דאָך געווען דער זעלבער שניידער, וויא דוא... זעה: איך און דוא? מיין לעבען און דיין לעבען? מיין ווייב, וויא זיא זעהט אוים, און דיין ווייב?... מיינע קינדער און דיינע קינדער?... וויא מענשען קוקען אויף מיר און קוקען אויף דיר?... דעם כבוד, וואָס איך האָב פון דער וועלט, און דיא צרות, וואָס דוא האָסט?... און ווארום איז עס ?ווייל דוא ביזט איינער פון יענע משוגעים און איך בין אַ קלאָהרער מענש!... פון כל ימיו אָן בין איך געווען אַ קלאָהרער מענש און דוא ביזט תמיד געווען אַ משוגענער, אין דער היים נאָך!... דוא האָסט מיך פריהער געוואָלט בעליידיגען און האָסט מיר אויפגעוואָרפען, אַז פאר אַ קוואָרדער אויף „נאָוואָדקע“ האָב איך מיר געלאָזט יעדען שפּייען אין מיין פּנים. יא, דאָס איז אמת!... און איך שעהם זיך ניט דערמיט!... דען איך האָב שוין דאַן פערשטאַנען, אז מיט קיין

רוגזה קען מען קיין סוקסעס ניט מאכען אין לעבען... אז געלד איז דיא הויפטזאך... דוא אבער ביזט שוין דאן געוועזן א ווילדער משוגענער... דאן שוין האסטו געזידעלט דיא רייכע בעלי הבתים און דיא פראצענטניקעס... אז אימיצער פלעגט דיר וועלען שענקען אויף „נאוואדקע,“ פלעגסטו יענעם אפזידלען און פלעגסט שמייסען דאס געלד יענעם אין פנים... מיר ביידע האבען געזעהן אין דער היים, וויא מאנכע פון אונזערע שניידער האבען זיך ארויפגעארבייט אויף הייזער, אויף קליידער מאגאזינען — דוא האסט זיי פיינד געהאט און האסט זיי געזידעלט; איך האב זיי מקנא געוועזן, געהאט פאר זיי דעם גרעסטען רעספעקט און געטראכט: „הלוואי העלפט מיר גאט אזוי!“... און שפעטער דא אין אמעריקא? איך בין געקומען אהער מיט איינע פינף יאהר פאר דיר... איך האב געארבייט אין דיא שעפער... געטרייעט דאס בעסטע צו געפעהלען מיינע באסעס... געארבייט ווען זיי האבען געדארפט און וויעפיעל זיי האבען געוואלט: פארטאג, צוועלף ביי נאכט... איך האב געארבייט און געמאכט דאס געלד, געלייגט אין דיא בענק און געטראכט: „וויא אזוי ווערט מען אליין א באס?“ „יונעס“ זיינען שוין דאן אויך געוועזן, אפילו ניט אזוי פיעל, וויא יעצט, און משוגעים האבען דאן אויך ניט געפעהלט.... איך האב זיי אבער קיין מאל ניט געוואלט קענען... פון קיינע סטרייקס האב איך ניט געוואלט וויסען... נו, האבען דיא משוגעים מיך גערופען „סקעב“, איז מיין דאגה! וועלען זיי מיט מיר קיין שידוך ניט טהאן!... און א מאל האבען זיי מיך טאקי געקעטשט, דיא אפגעריסענע משוגעים, און האבען מיך געשלאגען, וויא דיא גוים!... און איין מאל האבען זיי מיר גאר שיער ניט צושפאלטען דעם מוח מיט א שווערען שטיין — פון דעסטוועגען משוגע בין איך ניט געווארען... אין „יונען“ בין איך צו זיי ניט געגאנגען... פון זייערע רייד האב איך זיך אויסגעלאכט. איך האב זיך געטהאן מיינס, און גאט האט מיר טאקי געהאלפען!... א באס, אז ער האט דערזעהען, וויא טריי איך בין צו איהם, האט מיך געמאכט פאר פארמאן אין שאפ, האט מיר געגעבען גרעסערע וויידזשעס...



דיא ווייב און דיא קינדער האבען דערווייליע אויך געארבייט. דיא ווייב ביים אויספינישען, דיא עלטערע קינדער ביים אפרייטען און דיא אינגערע צוויי האבען אויך א ביסעל פערדיענט פון'ם פעדלען מיט מעטשעס, מיט פייפער... יעס, יעס, דאדזשע, מיר אלע האבען עטליכע יאהר געארבייט, שווער געארבייט ניט וויא דוא זאגסט, אז מיר זיינען בלוטזויגערס! ניט געוואוסט פון קיין טאג, פון קיין נאכט... דיא צוויי קלענערע קינדער מיינע פלעג איך ארויסשיקען אין סטריט פעדלען אין היטץ און אין קעלט, אין שטורם, שנעע און רעגען, און ווארום?... ווייל איך בין געוועזן א קלאהרער מענש; ווייל איך האב געוואוסט, אז נור אויף אזא אופן קענען מיר קומען צו עפעס שפעטער!... יעצט זיינען זיי אלע אלל רייט, הלוואי אויף דיין ווייב און קינדער געזאגט געווארען... מיין ראזא וועט טאקי נעהמען א לאיער פאר א מאן, צו א דאקטאר, צו אזוי עפעס א גוטען ביזנעס מאן... צעהן טויזענד דאלאר נדן וועל איך איהר געבען... און וועמען וועט דיין ראזא נעבעך נעהמען? וועמען קען זיא נעהמען?...

ביי דיא לעצטע ווערטער פון כליעבניצקי צינדעט זיך דזשעק אן און שרייט אויס מיט אן אויפגערעגטען קול אין איין אטהעם:

— אן עהרליכען מאן וועט זיא נעהמען, אן עהרליכען, אן עהרליכען, ניט קיין בלוטזויגער!... זארג זיך ניט פאר מיין ראזאן!.

ראזא לויפט אריין פונ'ם צווייטען צימער, לויפט צו צו דזשעק'ן און כאפט איהם אן פאר'ן ארעם.

— פאפא — בעט זיא איהם מיט א צושראקענעם קול: — בערוהיג זיך!....

— יא, יא, ראזא, דו וועסט נעהמען אן עהרליכען מאן — שרייט מיט ביטערנעש אין קול דזשעק — ער פרעגט גאר וועמען וועסטו נעהמען פיר א מאן, אז ניט א בלוט־זויגער?.... א פראסטען ארבייטער וועט זיא נעהמען: א שניידער, צו אן אנדער ארבייטער און דוקא א משוגענעם, וויא איהר טאטע, און ניט א קלאהרען בלוט־זויגער, און ניט א כיטרען הויט־שינדער,

דו הערסט שעפּסעל ? ! .... דו הערסט ? ! ... שרייט דזשעק און לויפט איבערן שטוב אויפגערעגט....

— איך הער, איך הער, איך פערשטעה אָבער ניט, וואָס איך הער פון דיר! זאָגט כליעבניצקי, שאָקעלט דעם קאָפּ מיט מיטלייד און זיפצעט : — אַך, דאָדזשע, דאָדזשע ! ....

— אָנקעל — מישט זיך דאָ פּלוצלונג אריין ראָזא מיט א האַלב פערשטיקטען קול, קוקענדיג אויף איהרע פינגער : — איהר קענט אונז ניט פערשטעהן.... מיר און איהר זיינען גאַנץ אנדערע מענשען.... מיט גאַנץ אַנדערע אידעען, אנשויאונגען......

— וואָס זאָגסטו: „אַנשונגען?“... מאַכט האַלב פערוואונדערט כליעבניצקי—א מאָדנע שפּראַכע. וואו האָסטו געהערט אַזאַ שפּראַכע? אַ מאָדנע זאַך! מיין ראָזאַ, זיא איז, דאַכט זיך, געבילדעטער פון דיר, שוין עטליכע יאָהר, אַז איך האַלט פאַר איהר טיטשערס אי אזוינע, אי אזעלכע, זיא שפּיעלט פּיאַנאָ אויך. און דאָך האָב איך פון איהר קיין מאָל ניט געהערט אזעלכע ווערטער. „אידעען“, „אנשונגען“ — ווייס איך!

ער דריקט מיט דיא פּלייצעס.

— שיק זיא ארויס ארבייטען — פּלאַצט דאָ ארויס דזשעק מיט זיין באַס־שטימע — און זאָל זיא ווערען א טרייע מעמבערין אין יוניאָן און דאַן אריינטרעטען צו אונז אין דער פּאַרטיי, צו דיא סאָציאַליסטען, און זאָל לעזען אונזערע צייטונגען, אונזערע בראָשורען, און הערען אונזערע לעקטשורס, וועט זיא שוין דאַמאָלס פערשטעהן, וואָס הייסט „אידעען“, „אנשויאונגן!“ פון דיינע טיטשערס אָבער קען זיא וויסען, וויפיל דו ווייסט, און פון איהר צימבלען אויפ'ן פּיאַנאָ וועט זיא אוך ניט פערשטעהן קיינע אידעען....

כליעבניצקי צולאַכט זיך גוטמוטהיג.

— אַזוי? איך זאָל שיקען מיין ראָזא'ן צו אייך זיך לעהרנען ? — מאַכט כליעבניצקי און לאַכט — אמת טאַקי, איך וואָלט דאַן געקענט איינשפּאָרען שעהנע עטליכע דאָלאַר פון דיא טיטשערס, וואָס זיא קאָסט מיך.... אָבער, אז עס וואָלט געהאַלטען



ביי דעם, וואָלט איך זיא בעסער אוועקגעשיקט אין משוגעים־הויז !... אַזוי? הייסט עס, אָט דיא אַלע ווערטער, וואָס קיין קלאָרער מענש רעדט ניט, לערענט מען זיך אויס ביי דיא „צאָצעליסטען“? — רעדט ער ווייטער — יעצט פערשטעה איך שוין!...

— דו פערשטעהסט גאָר ניט ! — ברעכט איהם אונטער דזשעק מיט כעס.—איבערהויפּט וואָלט איך געוואָלט וויסען, וואָס פערלאַנגסטו פון מיר ?

— איך פערלאַנג פון דיר, ערשטענס, אז דו זאָלסט זיך יעצט ניט היטצען, און צווייטענס, וויל איך דיך פרעגען : וואָס וועט זיין דער סוף פון דיר?... — זאָגט כליעבניצקי.

— דער זעלבער סוף, וואָס פון דיר, און פון אַלע מענשען — רעדט ארויס אין דער שנעל, מיט אונגעדולד דזשעק — מיר וועלען שטאַרבען און מיר וועלען ליגען אין ד'רערד! אַך, לאָז מיך בעסער צופריעדען!... איך האָב קיין צייט ניט... איך מוז לויפען, זעהן צו בעזאָרגען א רעדנער פאַר דיינע סטרייקער!....

— אומזיסט זיין ריידען — שרייט אויס מיט פערדרוס כליעבניצקי — איך זאָג דיר, אז קיינעמס ריידען וועט יעצט ניט העלפען.... דיא סטרייקער וועלען מאָרגען ביי מיר ארבייטען!.... איך ווייס, וואָס איך רייד, דזשעק!...

— דאָס וועלען מיר זעהען ! — שרייט דזשעק מיט א צו־להכעיס־קול.

— יעס, דאָס וועלען מיר טאַקי זעהן! כאַפּט אונטער מיט נצחון כליעבניצקי — איך זאָג דיר נאָך א מאָל, דזשעק : קום צו זיך. דו האָסט א פרוי, קינדער!... דו ווייסט, אז קיין שלעכטעס וויל איך דיר ניט טהאָן.... איך האָב געמאַכט א שאָפּ אונזער קאָזין לייבקען.... פיעלע פון אונזערע לאַנדסלייט זיינען דורך מיר געוואָרען קאָנטראַקטאָרס, מאַנופעקטשורערס..... פאַר דיר וואָלט איך נאָך מעהר געטהאָן, ווען דו וואָלסט ניט געווען אַזאַ משוגענער מיט דיעזע אַלע משוגעת'ן... דוא קוקסט אָבער אויף מיר זייט דו האָסט זיך אריינגענומען דעם „צאָצעליזמוס“ אין קאָפּ, וויא אויף עפּעס דיינעם אַ שונא.... קיין מאָל גיסטו

מיר ניט קיין „טשאַנז“ מיט דיר זיך דורכצורײדען, וויא געהעריג איז.... באַלד וואָס, הייבסטו אָן צו זידלען.... דאָס טהוט ניט קיין קלאָהרער מענש מיט פערשטאַנד!..... איך וויל, דזשעק, אז דו זאָלסט ניט מיינען, אַז איך רייד צו דיר יעצט אזוי, ווייל איך האָב מורא, אז דו זאָלסט ניט איינריידען דיא סטרייקער, אז זיי זאָלען ווייטער סטרייקען ביי מיר — דערפאַר האָב איך קיין מורא ניט!... מיר האָט אָבער אלע מאָל וועה געטהאָן דאָס הארץ פאר דיר און היינט נאָך האָב איך זיך דערוואוסט, אז ביי דיר איז שוין ניטאָ פאר וואָס צו קויפען און מי באָרגט דיר אויך ניט, דאן האָב איך בעשלאָסען צו געהן צו דיר און דורכריידען זיך מיט דיר איין מאָל פיר אלע מאָל!.... דזשעק, דאָדזשע, ברודער, זאָג מיר, אדרבה, ערקלער מיר: ווארום זאָלסטו זיין א משוגענער „צאָצעליסט“? וואָס גיעט עס דיר? וואָס פאר א כבוד האָסטו פון דעם?... אדרבה, ענטפער מיר קלאָהר, וויא א מענש.... אפשר וועל איך דאן טאַקי אויך זאָגען, אז דו ביזט גערעכט! — ענדיגט כליעבניצקי מיט געבעט אין קול.

— אָלל רייט, גוט — ענטפערט דזשעק רוהיג — איך וועל דיר ענטפערן, אויב דו ווילסט טאַקי ערנסט וויסען. ווארום בין איך א סאָציאליסט? וועלל, ווייל איך בין איבערציינגט, אז דער סאָציאליזמוס קען גליקלאך מאכען דיא גאנצע מענשהייט... וואָס גיט מיר דער סאָציאליזמוס? און וואָס האָט ער געגעבען טויזענדע און טויזענדע מענשען אין רוסלאנד און איבער דער גאנצער וועלט? קינדער פון גענעראלען האָבען אין רוסלאנד פאַר'ן סאָציאליזמוס זיך מקריב געווען.... האָבען אָפּגעגעבען זייער רייכטהום, זייער פרייהייט און זייער לעבען פאר דעם היילינגען אידעאַל!....

— זיינען זיי טאַקי געווען נאַראָנים, משוגעים! שרייט כליעבניצקי און מאַכט מיט'ן שטעקעל אין לופטען.

— לאָז! — דונערט דזשעק מיט זיין באַס־שטימע, הינגע־ריסען און זיין פּנים פלאמט, און זיינע אויגען ברענען מיט בע־גייסטערונג. ער כאַפּט אָן זיין ברודער פאַר'ן אַקסעל, שלעפּט איהם



צום וואַנד, וואו עס הענגען דיא בילדער פון קארל מארקס, לאַסאָל און דער „רעוואָלוציאָן“ און דונערט: קום, זעה! זעהסט אָט דיא בילד — ער ווייזט מיט'ן האנד אויף לאסאל'ן — אָט דעם יונגען מאן מיט דעם שעהנעם געקרויזטען קאָפּ?.... קוק זיך גוט איין!... זעה, וואָס פאר אַן עדעלקייט עס ליעגט אויף זיין פּנים!... דאָס איז פערדינאַנד לאסאל... אַ איד, אזוי וויא איך, וויא דו, נור מיר זיינען ניט ווערטה זיין מינדעסטען נאָגעל!...

— אוי, אוי! ברעכט איהם אונטער כליעבניצקי מיט געלעכטער. — אזא טהייערע צאַצע איז ער?....

— יע, יע, א צאַצע איז ער! דונערט דזשעק מיט נאָך מעהר פייער — ווייסטו ווער ער איז? א זוהן פון א רייכען מאַן!.... ער האָט געקענט זיין רייך, רייכער פון דיר און פון טויזענד אַנדערע, און דאָך האָט ער ניט „געקערט“ צו זיין אַליין רייך און האָט געקעמפּפט געגען דיא רייכע פאר דעם גליק פון דער גאַנצער מענשהייט!...

— איז ער געווען א נאַר! — ברעכט איהם אונטער כליעבניצקי — אז ער וואָלט געווען מיין זוהן, וואָלט ער ביי מיר געווען קליגער!...

— דו וואָלסט געלערענט שכל לאסאל'ן? דו?! — שרייט דזשעק, און צולאכט זיך מיט א שטאַרקען געלעכטער און ווענדעט זיך דאן צו ראָזא'ן, וועלכע שטעהט הינטער איהם, בעגייסטערט פון זיין בעגייסטערונג: — וואָס זאָגסטו, ראָזא? ער וואָלט געלערנט שכל לאסאל'ן, ער, שעפּסעל חכם? כאַ־כאַ־כאַ!

— איך האָב געלעזען אין „דיא צוקונפט“ — מאכט ראָזא מיט בעגייסטערונג אויפ'ן פּנים און אין דיא אויגען — אז ביסמאַרק אפילו האָט געהאַלטען לאסאל'ן פיר דעם קליגסטען מענשען אין דער וועלט!....

— ביסמארק? — פרעגט נאַאיוו כליעבניצקי — וואו האָסטו עס געלעזען? אין א צייטונג?

— ניין, אין א זשורנאל, אין דעם סאָציאליסטישען זשורנאַל — האָט געענטפערט ראָזא.

— וועלל, וויא באלד, אז דאס האט ניט געשריעבען קיין צייטונג, נור א צאצעליסטישער זשורנאל, קען איך לעבען, אז איך וועל דאס ניט גלויבען!... — ענטפערט כליעבניצקי מיט אן ערנסטען טאן.

— דו גלויבסט דאך קיינעם ניט, נור דיין אייגענעם פאקעט — שרייט אוים דזשעק בעליידיגט, ווייזט מיט'ן האנד אויף קארל מארקס בילד און דונערט שוין ווידער מיט פייער, הינגעריסען: נו, און דיזער מאן? קוק נור אן דיזען אלטינקען מיט דיא ווייסע האאר! זעה, וואס פאר א ליכטיגען, גוטען פנים ער האט! זעה, מיט וואס פאר א ליעבע ער קוקט אויף אונז!..... ווייסטו, ווער דאס איז?... דאס איז ע ר אלליין... קארל מארקס אליין!... דער טאטע פון דעם סאציאליזמוס...

כליעבניצקי טהוט ביי דעם א שפרונג און שרייט אוים מיט איבערראשונג אין קול: — אט דאס איז ער? אט דער אלטער?!

ער טורכעט מיט זיין שטעקעל אין בילד....

— יע, יע, ער אליין! — שרייט מיט התפעלות דזשעק — פאוואליע מיט דיין שטעקעל, וועסט צוברעכען דיא גלאז פון בילד!.... ניט אמת, אז עס זעהט זיך אן אויף זיין פנים, אז ער איז ניט אבי א מענש?! פרעגט דזשעק און קוקט מיט ווארעמע אויגען אויפ'ן בילד....

— אוי! שרייט אוים מיט א קרעכץ כליעבניצקי און שטורכעט מיט'ן שטעקעל אין בילד — אט דער אלטער? אוי, א כאלעריע זאל איהם נעהמען!... ער איז דאך דיין מלאך המות!.... ער איז דאך דער, וואס האט דיך משוגע געמאכט, וואס האט דיך אונגליקליך געמאכט!...

דזשעק שפרינגט אפ, וויא אן אפגעקאכטער, קוקט אויף זיין ברודער, רויט, וויא א בוריק, מיט אויסגעגלאצטע אויגען און סאפעט שווער. ראזא שטעהט אויך נעבען איהם א צומישטע און קוקט אויף דזשעק'ן.

— וועמען זאל כאפען דיא כאלעריע? — רעדט אויפ'ן כוח ארוים דזשעק מיט א דומפפען קול צווישען דיא ציינער און טרעט צו זיין ברודער מיט ברענענדיגע אויגען און מיט שווערע טריט. יענער טרעט אפ אהינטער צושראקען און וועהרט זיך געגען דזשעק,ן מיט זיין שטעקעל: — וועמען? קאפיטאליסטישע בעסטיע דו, האסט דערזעהן פאר זיך דיין מלאך המות און דערפאר שעלסטו איהם? ביי מיר אין הויז? ראזא, דערלאנג מיר א שטעקען!...— דונערט ער, און נעהמט אליין לויפען איבער'ן שטוב און זוכט א שטעקען.



— פאפא! — ווארפט זיך צו אים ראזא, בלייך וויא לייוועגד, מיט א ציטערנדיגען קול. דאן לויפט זיא צו שנעל צום טיהר, עפענט איהר און שרייט אוים מיט שרעק: — געהט שוין ארוים!...

כליעבניצקי לויפט צו א בלייכער צום טהיר, שטעלט זיך אפ און רעדט ארוים אין איין אטהעם, דערביי טרייסעלט זיך ביי איהם דער שטעקעל אין האנד: — אלל רייט! דיין ווייב איז היינט געקומען בעטען ביי מיר אויף ברויט, דו וועסט נאך אליין צו מיר קומען שנארען!.... אלל רייט!...

דזשעק האט אין דיעזער צייט שוין געפונען א שטעקען.

— וואס?! — טהוט ער זיך א ווארף צו איהם מיט'ן שטעקען.

כליעבניצקי לאזט זיך לויפען פון דיא טרעפ.

— בעסטיע! — שרייט איהם נאך דזשעק מיט זיין באסשטימע, שטעהענדיג אין האל נעבען דיא טרעפ מיט'ן שטעקען:

— בעסטיע!

דיא שכנים איז האלל עפענען פאנאנדער דיא טיהרען און קוקען ארוים, ווער צושראקען, ווער פערוואונדערט און ווער נייגעריג. דיא שכנה'טע „פון נעקסט דאר“, א יונגע בלייכע ווייבעל, וואס האלט זיך בעפריינדעט מיט דזשעק'ס פרוי, לויפט ארוים אין האל מיט א שרייענדיגער בייבי אויף דיא הענד און פרעגט: — וואס איז דער מעהר, מיסטער דזשעק?...

דזשעק קוקט זיא אן מיט זיינע ברענענדיגע אויגען, ענט־
פערט איהר ניט, לויפט אריין אין הויז און פערקלאפט הינטער
זיך מיט כעס דיא טיהר.

אין דער זעלבער צייט זיצט ראזא אין שטוב אויף א
שטוהל און וויינט אין דער שטיל.... צוערשט בעמערקט עס ניט
דער אויפגערעגטער דזשעק; ער לויפט ארום איבערן שטוב און
רעדט צווישען דיא ציינער: „אזא פרעכהייט, ביי מיר אין
שטוב!... אויספאטשען האב איך איהם געדארפט, אויספאטשען!
ער זאל געדענקען!.... ביי מיר אין שטוב, בעסטיע!.... וואס זאג־
סטו, ראזא, הא?"

ער טהוט זיך צו איהר א קעהר און דערזעהט ערשט, אז
זיא וויינט.... ווארפט ער זיך צו איהר, כאפט זיא אן פאר דיא
אקסלען און שרייט אוים מיט א גאנץ אנדער קול, וויא פריהער:
מיט א קול, אין וועלכען עס קלינגט ליעבע און שרעק: — ראזא,
דו וויינסט? וואס איז דיר?....

זיא ענטפערט ניט און וויינט שטארקער.

— ראזא, קינד מיינס!... ער טהוט זיא א כאפ פעסטער
פאר דיא אקסלען, כמעט ליידענשאפטליך — וואס וויינסטו? נו,
זאג!....

פלוצים טהוט ער א קרעכץ: „הא!" לאזט זיא איין,
נעהמט לויפען פערצווייפעלט איבערן שטוב, — שטעלט זיך ווי־
דער נעבען איהר אפ און פרעגט זיא מיט א שטילען, ציטערענ־
דיגען קול:

— דו ביזט הונגעריג, הא?... דאס הארץ חלש'ט דיר נע־
בעך?.... זייט געסטערן דינער האסטו, נעבעך, גאר נישט גע־
געסען!....נו, טהו, מאך, קעמפף, אז אפילו א שטיקעלע ברויט איז
ניטא, אום דיא כוחות אנצוהאלטען!.... קרעכצעט ער, פאטשט
פערצווייפעלט אין דיא הענד און נעהמט ווידער לויפען איבערן
שטוב: — אבער דו האסט דאך געזאגט, אז דיא מאמע איז ער־
געץ געגאנגען לייהען א פאר דאלאר... אפשר וועט זיא טאקי
ברענגען?.... אז ניט וועלען מיר נאך עפעס געפינען, וואס צו פער־



לויגען.... דיא קישעלעך.... נו, וואס קען מען זיך העלפען, מיין
טאכטער? גאר דיא גרויסע קעמפפער האבען געהאט אויסצו־
שטעהן נאך ערגערע צייטען און דאך האבען זיי זייער הייליגען
אידעאל ניט אויפגעגעבען! — רעדט ער צו איהר מיט ליעבע און
ווארעמקייט אין קול און גלעט איהרע ווארעמע באקען....

— איך בין ניט הונגעריג, פאפא — זאגט ראזא און כלי־
פעט — אבער דער פעטער... ער איז אין גאנצען ניט אומגערעכט...
עס איז טאקי אמת..... אזוי דארף דיא וועלט ניט זיין... לאסאל,
קארל מארקס, דו.... אלע זיינען גערעכט.... אלע זיינען עהרליכע,
גוטע מענשען.... איך האב דיך טאקי ליעב, ווייל דו ביזט אן עהר־
ליכער מענש... אבער... דערווייל געהט מיין מאמא בעטען אויף
ברויט ביי ראזא'ס פאפא'ן און ניט ראזא'ס מאמא ביי מיין
פאפא!....

ביי דיא לעצטע ווערטער צוכליפעט זיא זיך שטארקער....

דזשעק שטעהט און קוקט אויף איהר מיט צושראקענע
אויגען.

— וואס רעדסטו, ראזא? וואס רעדסטו?... ביזטו ביים
זינען?.... האבען עס זיינע ווערטער דיך משוגע געמאכט? —
רעדט ער מיט אן אויפגערעגטען קול — און וואס רעדסטו עפעס
פון דיין מאמען, אז זיא געהט ביי איהם בעטען אויף ברויט....
ווען איז עס געווען?...

— האסט געהערט, וואס ער האט דיר געזאגט, איידער ער
איז ארויסגעלאפען?... — פרעגט זיא, שטעהט אויף פון דעם ארט
און ווישט מיט דיא הענד דיא אויגען.

— וואס האט ער געזאגט? — פרעגט ער צומישט און
קוקט אויף איהר מיט אויסגעגלאצטע אויגען — שנארער האט
ער מיך, דאכט זיך, גערופען... יע, יע, ער האט עפעס דערמאנט
דיין מאמען.... מאמעלעך! — טהוט ער פלוצים א געשריי, און
כאפט זיך פאר'ן קאפ — ראזא! אוי, איך פערשטעה שוין, איך
פערשטעה שוין!... זיא איז געגאנגען צו איהם?!... צו איהם?!...
בעטען געלד אויף ברויט?!... ער זאל רחמנות האבען איבער אונז,

ער?!.... אה, דערפאר רופט ער מיך שנארער?!.... רָאזא, ער האט רעכט! — שרייט ער, כאפט אריין דיא פינגער אין מויל, בייסט זיי מיט א פערקרימטען פנים און לויפט איבער'ן שטוב:
— ער האט רעכט!... איך בין טאקי יעצט א שנארער!.... דיין מאמע האט מיך געמאכט פאר א שנארער!... דיין מאמע!... אבער וויא אזוי האט זיא עס געטהאן, וויא אזוי?!.... זיא וועט קריגען ביי מיר א שווארצען סוף.... זיא וועט מוזען איהם דאס געלד אוועקטראגען צוריק אוןווארפען איהם אין פנים! — שרייט ער פערצווייפעלט....

— זיא וועט עס ניט טהאן! — שרייט שוין מיט הארץ ראזא — זיא וויל עסען! זיא פערשטעהט ניט פון קיינע אי־דעאלען.... דיא קליינע קינדער פערשטעהען אויך ניט פון אי־דעאלען!... פאפא, איך האב געהערט דעם פעטער און יעצט זאג איך דיר... יעצט... פאפא, מען קען אזוי ניט לעבען, מען קען ניט! — שרייט זיא אויס און מאכט שטארק, מיט פערצווייפלונג, מיטביידע הענד: — איך וויל אויך בעסער לעבען... איך וואלט אויך געקענט זיין א מענש, וויא דעם פעטער'ס ראזא, און אויך האבען פערגניגען, וויא יענע, און ניט פארשווארצט ווערען!.... פאפא, פריהער אדער שפעטער, מען דארף איין מאל איינזעהען!...
— שרייט זיא און עס פערכאפט איהר דעם אטהעם פון אויפ־רעגונג.

דזשעק שטעהט געגען איהר, וויא פערשטיינערט און קוקט אויף איהר מיט צומישטע אויגען. דאן צולאכט ער זיך שטיל מיט א בייסענדען געלעכטער.

— נו, אלזא, נו? — רעדט ער אויס שטיל און מיט ביטער־נעם אין טאן. — ביזטו געווארען יעצט מיט איין מאל קליגער!.... דער רייכער חכם האט דיך מיט זיינע ווערטער קלוג געמאכט..... אויך רעכט, אויך רעכט!... אלזא, וואס דענקסטו יעצט צו טהאן?... וויא אזוי דענקסטו צו קריגען אזעלכע פערגניגען, וויא יענע ראזא? אפשר דענקסטו צו געהן סקעבען צו איהם, הא? נעווער מיינד, דו מעגסט ביי איהם סקעבען, דו מעגסט!... ער איז



אן אייגענער מענש... א פעטער... און דיין מאמע שנארעט ביי איהם!.... — רעדט ער שטיל און שמייכעלט ביטער.

— אלע סטרייקער וועלען געהן יעצט צוריק ארבייטען — ענטפערט זיא שטיל און טהוט א זיפץ

— קיינער, קיינער, — דו הערסט? קיינער! — רעדט ער צווישען דיא ציינער און זיינע אויגען בלישצען דערביי ביי איהם פון אויפרעגונג — קיינער, וואס איז נור ניט קיין סקעב!... ראזא, דו געהסט טאקי? וויא קנור? וויא דיא אנדערע באנדי־טען?..... דאן זאלסטו זיך שוין אויפזוכען א נייע לאזשי אויך!.... ביי מיר אין שטוב קענסטו ניט זיין!... דו קענסט ניט, דו הערסט?... דאן וויל איך דיך ניט קענען, איך וויל פון דיר ניט וויסען!.....

זיא שוויגט, שטעלט זך צו אהם מיט'ן רוקען, קוקט פאר זיך צוטראגען און בייסט דיא ליפען....

ער זעצט זיך אויף א שטוהל אין מיטען שטוב, שפארט זיך אן מיטביידע עלענבויגענס אן דיא קניע, נעהמט אריין דעם קאפ אין ביידע הענד, בייגט זיך אויס מיט'ן קערפער אין פאראויס, קוקט מיט בייזע אויגען אויף איהר רוקען און שווייגט אויך. און דא מיט איין מאל טהוט ער זיך א הויב פון ארט, דיא ליפען ציטערן ביי איהם, דער גאנצער פנים צוקט ביי איהם און ער אטהעמט שווער... ער געהט צו צו ראזא'ן און נעהמט זיא אן פאר אן ארעם.

— ראזא! רופט ער מיט א ציטערנדען קול.

זיא טהוט זיך א קעהר צו איהם מיט'ן פנים און מיט אראפגעלאזענע אויגען.

— ראזא, צווישען אלע אונזערע לאנדסלייט — רעדט ער מיט א וייכען ציטערנדען קול, אין וועלכען עס פיהלט זיך א טיע־פער, טיעפער וועהטאג — צווישען אלע אונזערע קרובים, אין אונזער גאנצער הויז ביזטו ביז היינט געוועזן דיא איינציגע, וואס האט מיך פערשטאנען.... וואס האט ניט געקוקט אויף מיר, וויא אויף א „משוגענעם“ — און יעצט, ראזא, טאכטער, דו אויך?!.... שוין אויס סאציאליסטקע? דיין פאפא איז שוין א משוגענער,

זאָג, א? זאָג!.... ענדיגט ער לײדענשאַפטליך און מיט וועהטאָג.

— פּאַפּא — ענטפערט ראָזא מיט אַן אויפגערעגטען קול

— איך בין יעצט אויך א סאָציאַליסטקע, וויא פריהער.... אָבער דורכברעכען א געמויערטע וואַנד מיט'ן קאָפּ קען מען ניט... מען זעהט, אז דער סטרייק מוז פערלאָרען געהן, דארפען מיר ניט אומזיסט קעמפּפען און לײדען הונגער!...

— מען מוז קעמפּפען, מען מוז — שרייט אויס דזשעק מיט פייער — אָהן קעמפּפען וועט דער סאָציאַליזמוס קיין מאָל ניט קומען!.... און דעם סטרייק וועלען מיר אויך געווינען, דו וועסט זעהן, ראָזא, אז מיר וועלען איהם געווינען!... קום נור מיט מיר צו גענאָסע שטאָקמאַן... דו וועסט זעהען!... מען דארף נור וואַרעמען, וואַרעמען, מוטה ערוועקען אין דיא סטרייקער!... קום מיט מיר צו גענאָסע שטאָקמאַן!... קום!...

אין דיעזער צייט עפענט זיך דיא טהיר און אין שטוב קומט אַריין זיין פרוי, א הויכע, לאַנגע אידענע, מיט א מאָגערען, בלייכען שפּיציגען פּנים. זיא קומט אריין מיט א גאַנצער באַרג מיט גראָסערי זאכען אין פּאַפּירענע זעקעלעך אויף דיא אָרעמס און סאַפּעט....

— ראָזא, — מאַכט זיא פערסאָפּעט — העלף ארונטערנעהמען! דיא קישקעס האָב איך מיר אָבגעריסען שלעפּענדיג עס פון העסטער סטריט!... צוויי דאָלער גאַנצע אויסגעגעבען אויף בעבלעך און קאשע, און אנדערע קלייניגקייטען!....

ראָזא העלפט איהר אַראָפּצונעהמען דיא זעקלאַך פון דיא אָרעמס און לייגט זיי אויפ'ן טיש.

דזשעק קוקט בייז אויף זיין פרוי.

— הער אויס — מאַכט ער צו איהר אין דיא שנעל — איך האָב פאר דיר אָנגעגרייט א גאַנצען בייזען, פינסטערן חלום, נור יעצט האָב איך קיין צייט ניט אויסצו'בטל'ן איהם צו דיין קאָפּ.... וויפיעל געלד האָסטו ביי איהם אויסגעשנאָרעט?...

— ביי וועמען? — פרעגט זיא.



— ביי אונזער קאַפּיטאַליסט — שרייט ער מיט א פערשטיקטער אויפרעגונג — ביי וועמען פרעגט זיא!...

— אַך, לאָז מיך צופריעדען! מאַכט זיא מיט אונגעדולד

— בעסער זאָג מיר: וואָס זאָל איך היינט קאָכען צו סאַפּער: קאַשע אָדער בעבלאַך? — פרעגט זיא איהם מיט א פריינדליכען טאָן.

— נו, נו, זאָג מיר: וויפיעל געלד האָסטו ביי איהם גענומען?... מען דארף דאָך וויסען, וויפיעל איהם קומט! — שרייט ער.

— צעהן דאָלאר!... צוויי דאָלער איז שוין אוועק!....

- טאָ גיב מיר דיא אכט דאָלער! זאָגט ער.

— וואָס הייסט, איך זאָל דיר געבען? — פרעגט זיא פערוואונדערט.

— אָט דאָס הייסט פּשוט מיר געבען אין האנד!... נו, איך האָב קיין צייט ניט! שרייט ער.

— אוי, געה שוין, משוגענער, געה! פערדרעה זיך אליין דעם קאָפּ! — ענטפערט זיא שוין ווערענדיג אין כעס: — דיא געלד זאָל איך איהם אָפּגעבען? פאר'ן „יונע", וואָס? אז פערברענט זאָלט איהר ווערען מיט אייער „יונע"!...

דזשעק פאנגט אָן צו קלאַפּען מיט'ן האנד נאָכאַנאַנד אין טיש, אז דיא זעקלעך מיט דיא קאַשע און בעבלעך הייבען אָן צו טאַנצען איבערן טיש, דרעהען זיך איבער מיט'ן קאָפּ אראָפּ און שיטען זיך אויס....

— דאָס געלד — דונערט ער — יענטע, דאָס געלד!....

— אוי, וואָס דער „אכוואַטניק" האָט צו טהאָן פון דיא עסענווארג! ער איז שוין משוגע געוואָרען!... ראָזא, זאָג איהם, ער זאָל סטאָפּען — צויאָמערט זיך פּלוצים יענטע אויפ'ן קול.

ראָזא טהוט אַ מאַך מיט'ן האנד פערצווייפעלט און לויפט ארויס פון שטוב...

יענטע כאַפּט ארויס דאָס געלד פון א פּאַקעט.

— נא, בלוטזויגער, נא! — שרייט זיא מיט געוויין — ווער דערווארגען, הענג זיך, טרינק זיך מיט דיין יונע!....

זיא טהוט א שמיץ דאס געלד אויפ'ן טיש און וויינט.

דזשעק כאפט דאס געלד, ציילט איבער מיט ברענענדיגע אויגען און סאפעט שווער. דאן שרייט ער אויס מיט א פערשטיקטען קול פון אויפרעגונג:

— ראזא! וואו איז זיא אנטלאפען?.... נישקשה — טהוט ער דא זיך א קעהר צו זיין פרוי — איך וועל דאס געלד ניט פערטרינקען.... דו ווייסט, אז איך טרינק ניט... דאס געלד וועל איך דעם בלוטזויגער אפשיקען צוריק.... איך וועל זעהן צו קריגען נאך צוויי דאלער.... שנארען געהסטו גאר?... שנארען? דיא קישעלעך פערלייג, אבער קיין שנארערין זאלסטו ביי מיר ניט זיין!...

און ער לופט ארויס פון שטוב....

3.

אין א שטונדע ארום לויפט דזשעק איבער ארטשארד סטריט, צוטראגען, פערהאוועט, פערשוויצט, מיט דעם שטרויענעם הוט פאררוקט אויפ'ן פאטילניצע, — ער לויפט צום לאקאל פון דיא סטרייקער.

ארום לאקאל אין ארטשארד סטריט איז לעבעדיג. ארבייטער — אי אינגערע, אי עלטערע, אי מיט בערד, אי אהן בערד, שטעהען אין בעזונדערע קופקעלאך און טומלען זיך איבער דעם סטרייק. אנדערע ארבייטער האבען אויסגעטהאן זייערע רעקלאך, האלטען זיי אונטער דיא פאכוועס, אויף דיא ארעמס און איבער דיא אקסלען. מאנכע צוהיצטע ארבייטער, שרייענדיג אויפ'ן קול, האלטען צו דיא אנדערע פאר דיא לאטצען, פאר דיא קנעפלאך און זאגאר פאר דיא פאלעס פון דיא בגדים... אייניגע יונגע ארבייטער, פראנטען מיט לאקירטע שיכלאך און מיט בלומעלאך אין דיא לאטצען, שטעהען דא אויך צווישען דיא אנדערע קופקעלאך ארבייטער, שפאסען מיט יונגע מיידלאך, אויך אויסגעפראנטעוועט, ריידען מיט זיי פון דער טאנץ־אקאדעמיע און פון



דיא לעצטע ליעדעלאך פון טהעאטער.... פיעלע עלטערע ארבייטער, מיט פער'צרה'טע פנים'ער זיצען גאר אויפן טראטואר, אנגעשפארט מיט דיא רוקענס אן דער הייסער, אנגעברענטער פון דער זון, געמויערטע וואנד פון לאקאל, מיט דיא הענד פערבראכען ארום דיא פערריסענע קניע, הערען זיך צו צו דעם ארומיגען טומעל און קוקען דערביי ארום זיך מיט א טעמפען אויסדרוק אין דיא אויגען....

און דער טומעל ארום איז שטארק, וויא אויף א יאריד.... מען שרייט, מען קאכט זיך, מען זידעלט זיך אויף א פערשיעדענעם זשארגאן: אי אויף א ליטווישען, אי אויף א פוילישען, אי אויף אן אונגארישען, אי אויף א גאליציאנעם, אי אויף אן אמעריקאניזירטען זשארגאן....

ביי דעם טראטואר נעבען לאקאל און ארום דעם טראטואר אנטקעגען שטעהען פעדלערס מיט וועגלאך מיט פערשיעדענע סחורה און שרייען אויס מיט ליארם און געפילדער זייערע מציאות און רופען קונים.... עס פאהרען נאך פערביי דעם לאקאל שווערע וועגען פון עקספרעס־לייט מיט א טראסקעריי איבער דער ברוקירטער גאס, — און דיזע פארשיעדענע קולות מישען זיך אויס אין דער לופט אין איין שרעקליכען בעטויבענדען הו־הא....

דיא זון ברענט, דיא לופט שטיקט, איז אנגעפיללט מיט דיא ריחות פון פיש, עפעל און פון אנדערע עסענווארג, וואס איז אויסגעלייגט אויף דיא אנגעברענטע וועגלאך פון דיא פעדלערס...

צוגעלאפען צום לאקאל, בלייבט דזשעק שטעהן און קוקט זיך ארום אויף דיא קופקעלאך און זוכט מיט דיא אויגען צוטראגען.

נעבען איין קופקעלע שטעהט א הויכער, בלייכער יונגערמאן, מיט שמאלע פלייצעס, מיט א שפיציגען פנים, מיט בלאנדע וואנצעס און מיט קליינע, כיטרע, קעצישע אויגען. דער יונגערמאן האלט זיין שווארצען, לוסטרינענעם רעקעל אריבערגעהאנגען אויפ'ן אקסעל, מאכט מיט זיינע לאנגע, דארע הענד צו דיא ארומיגע און שרייט מיט היטץ.

דזשעק'ס אויגען פאַלען אויף איהם און זיי צינדען זיך גלייך אָן מיט אַ בייזען פייערל. ער קעהרט אָפּ דעם קאָפּ מיט אַ צוקרימטען פון האס פּנים און טהוט אַ שטאַרקען שפּיי.

פּלוצים שרייט אויס אימיצער. פון דער קופּקעלע: — אָט איז דאָך קאַרל מאַרקס!

אַלע פון קופּקעלע טהוען זיך אַ קעהר מיט דיא אויגען אויף דזשעק'ן. דער לאַנגער יונגערמאַן מיט'ן רעקעל איבער'ן אַקסעל טרעט אַרויס פון דער קופּקעלע, נעבען וועלכער ער איז ביז יעצט געשטאַנען, נעהנטער צו דזשעק'ן און שרייט אויס מיט אַ הייזעריגע שטימע:

— ער איז דאָך טאַקי דאָ! הײנט ווער האָט עס געזאָגט, אַז געגאַסע קאַרל מאַרקס ליעגט אין דער אדמה?!.....

דזשעק טהוט זיך אַ קעהר צו איהם, קוקט איהם גלייך אין פּנים מיט דיא אויגען, וויא ביי אַ צורייצטען וואָלף, און רעדט אַרויס מיט זיין באַס־שטימע לאַנגזאַם און צווישען פערשצעמטע ציינער:

— פּייוועלע קנור, דו סקעבישע נשמה, ווען זוכסטו דאָ, צווישען עהרליכע אַרבייטער?.... אַך, אַ קלאָג צו דיינע יאָהרען — טפוי!

און ער האָט אַ שפּיי געטהאָן מיט דער גאַנצער קראַפט.

קנור צולאַכט זיך, קוקט דזשעק'ן גלייך אין פּנים און לאַכט צולהכעיס'דיג. דער עולם אין גענצעמעל לאַכט אויך — עס איז שווער צו זאָגען, צי פון קנור, צי פון דזשעק'ן.....

צוויי יונגע לייט, מיט צוהיצטע פּנים'ער און מיט בליש־צענדע אויגען, לויפען צו צו דזשעק'ן פון אַ ווייטערע קופּקע און פרעגען איהם מיט אימפּעט: — נו, קומט שטאָקמאַן?

— יע, ער קומט גלייך! — ענטפערט דזשעק און זיין פּנים לייטערט זיך גלייך אויס.

— פּאַטריאָטען — שרייט קנור פון דער ווייטענס, קוקט אויף זיי מיט זיינע קעצישע אויגען און שמייכעלט גיפטיג: — קאַרל מאַרקס פּאַטריאָטען!



וויעדער אַ געלעכטער. דזשעק מיט דיא צוויי יונגע לייט שוויינען.

אין דיעזער צייט טרעט אַרויס פון אהינטער קנור'ס רוקען אַ בלייכער אַרבייטער מיט אַ שוואַרץ קאָלטאָוואַטע בערדעל, אַ קליינער, אַ דאַרער, מיט אַ רחמנות'דיגען, פערצרה'דיגען פּנים און מיט אַן אויסגעבויגענעם רוקען. ער טרעט אַרויס מיט אַן אימפּעט, ביידע הענד אויסגעשטרעקט אין פאָראויס, מיט דיא לאַדאָנעס אַרויף...

— וואָס לאַכט איהר? — שרייט ער מיט רחמנות אין קול און קעהרט זיך אויף אַלע זייטען מיט זיינע אויסגעשטרעקטע הענד: — וויינען דאַרף מען, וויינען און זיי לאַכען גאָר! איהר זאָלט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט האָבען, ווענדעט ער זיך דאָן צו דזשעק'ן מיט זיינע אויסגעשטרעקטע הענד — איך וויל זיך, חס ושלום, מיט אייך ניט קריעגען, איך בין ניט אַזאַ מענש, וואָס זאָל זיך קריעגען, איהר קענט דאָך מיך? אָבער איהר זייט אַ הרג נפש, אַ רצוח היער, אָט וואָס איהר זייט!... איהר האָט אונז פערפיהרט! אייער קאָפּ, זאָל זיא אויסקריינקען! שטייטש, מיר הונגערען! און פאַר וואָס, פאַר ווען סטרייקען? דער באָס איז אַן עהרליכער מאַן... אייערער אַ ברודער... אָבער איהר מעגט געהן דיא כפּרה פאַר זיין מינדעסטען נאָגעל!.... סטרייקען גאָר? פאַר וואָס? פאַר וואָס? נו, איז ניט קיין „יונע־שאָפּ“, איז ניט — דערפאַר גאָר סטרייקען? וואָס זאָגט איהר, האַ? — טהוט ער זיך אַ קעהר צו דיא אַרומיגע — בין איך אפשר ניט גערעכט, האַ?

— בראַוואָ, דזשייקאָבס! גיעבען איהם אונטער חשק איי־ניגע לצנים אַרבייטער פון דיא אינגערע — גיעט, גיעט קאַרל מאַרקסען, זאָל ער עס וויסען!...

אַנדערע אין גענצעמעל, פון דיא עלטערע, מיט פערחושך'טע פּנים'ער, זאָגען, אַז חוזק מאַכען איז ניטאָ וואָס פון דזשייקאָבס'ן, אַז ער רעדט, וואָס ביי אַלע סטרייקערס איז אויפ'ן הארצען...

— וואָס בײַ אַלע — כאַפּט זיך אַרויס אײנער פון דיא יונגע לײַט נעבען דזשעק'ן — „אָבער ניט!...“ װען אַלע װאָלטען געדענקט, װיא דזשײקאָבס און פײוועלע קנור, װאָלט קײנמאָל קײן סטרײַק ניט געװען...

— בּהמות סטרײַקען ניט — לײגט נאָך צו דער צװײטער יונגערמאַן נעבען דזשעק'ן מיט פײַער — צו מע גיעט זײ צו קײען הײה, אָדער שטרוי, אָדער גאָר מכות!...

עס װערט אַ שטיקעלע מהומה... אַלע מיט אײן מאָל אַרום קנור'ן הײבּען אָן צו רײדען, צו לאַכען און צו מאַכען מיט דיא הענד...

קנור שרײַט צום יונגענמאַן, װעלכער האָט איהם פער־גליעכען צו אַ בּהמה: — דוא לױזער דוא, דוא פּאַסקודנער קאַרל מאַרקס חסיד דוא, װאָס װײסטו פון בּהמות? דוא האָסט דאָך אין דערהײם געפּאַשעט חזירים!...

— און דוא בּיזט מסתמא אין דער־הײם געװען אַ רב? — פרעגט דער יונגערמאַן סאַרקאַסטיש און צײגט אויף איהם מיט'ן פינגער — קוקט נור אָן אונזער רב, פײוועלע קנור מיט דער סקעבּישער נשמה! קוקט איהם נור אָן! אַ פּנים, אַ פּאָאַר אײג־עלעך, דיא שכינה רוהט אויף זײ! אַ קלאָג צו קאָלומבּוסען!...

אַ געלעכטער פון דיא אַרומיגע. דזשעק מישט זיך אַרײן:

— סעם — זאָגט ער צום יונגענמאַן — לאָז איהם צו־פריעדען. װאָס האָסטו זיך געשטעלט טענה'ען מיט קנור'ן?... אַרבּײטער אײניגקײט, האַ? — זאָגט ער דאַן מט אַ טרויעריגען שמײכעל הויך אויפ'ן קול — װען קאַרל מאַרקס זאָל עס זעהען, װאָלט ער דאַן אויך געזאָגט: „אַרבּײטער פון אַלע לענדער פער־אײניגט אײך?...“ װיא קענען זיך אַלע אַרבּײטער פעראײניגען, װען עס זײנען דאָ צװישען זײ אַזעלכע, װיא קנור און דזשײקאָבּס!

דערבּײ קוקט ער זײ אָן, קנור'ן און דזשײקאָבּס'ן, מיט בּלישצענדע, שטעכעדיגע אויגען און רעדט אַרויס מיט האַס צװישען דיא צײנער:



— פּעררעטהער! פּעררעטהער!...

אין דיעזער צײט קײקעלט זיך אַרויס פונ'ם לאָקאַל אַ איד פון מיטעלע יאָהרען אויף קורצע דיקע פיסלאָך, אַ דיקער, אַ רונדער, אַ קורצער, מיט אַ פולען רונדען, שװאַרצען און גוט־מיטהיגען פּנים, מיט גרויסע, שװאַרצע לאַכעדיגע אויגען און מיט אַ לאַנגע שװאַרצע, װיא פּעך, װאָנצעס — אַ איד, װעלכער קוקט אויס מעהר װיא אַ איטאַליענער.

— שאַ, אַט קומט נאָך אַ גענאָסע — שרײַט קנור אויס, דערזעהענדיג איהם: — בּרוכים הבּאים, גענאָסע סײמאָנקע טראַסק!

— װאָס איז דער מעער, פײוועלע קנור? — פרעגט דער איד מיט אַ הײזעריגע שטימע, קײקעלט זיך צו צו דזשעק'ן, שטעלט זיך נעבען איהם אָפּ און קוקט גוטמוטהיג אויף קנור'ן.

— אַט גאָר נישט! — מאַכט קנור, קוקענדיג אויף איהם מיט זײנע קעצישע אויגען און שמײכעלט מיט זײן גיפטיגען שמײכעל: — איך פרײה זיך נור, װאָס כאָטש דוא, סײמאָנקע טראַסק, לעבּסט נאָך... גענאָסע בּאַקונין איז טויט, גענאָסע קאַרל מאַרקס ליעגט אויך אין דער אדמה און אַז דיך װאָלט דער שװאַרץ יאָהר צוגענומען, װאָס װאָלטען מיר דאַן געטהאָן אָהן אַזעלכע דרײ גרויסע גענאָסען?

עס הויבּט זיך אויף פון אַרום אַ שטאַרקער געלעכטער. אַרבּײטער פון דיא װײטערע געזעמעלס לויפען אויך צו, צוגע־צויגען פון דעם ליאַרמענדען געלעכטער... דער געזעמעל אי אַרום דזשעק'ן, אי אַרום קנור'ן, װערט גרעסער...

דזשעק שמײכעלט אויך, אָבער מיט גאַל, טראַסק קוקט אויף קנור'ן, װישט זיך מיט אַ טיכעל דעם שװײס פונ'ם שטערען, פון דעם שטאַרקען נאַקען און לאַכט זיך גוטמוטהיג. דאַן זאָגט ער מיט דער זעלבּער גוטמוטהיגקײט, װיא פריהער:

— פײוועלע קנור װעט מיט דער צײט זײן אָלל רײט.... אַל בּעטש יו. אַז מיט דער צײט קען ער נאָך נעהמען פערשטעהן, אַז צו זײן אַ סקעבּ איז גאָר ניט שעהן... זאָג מיר נור, פײוועלע,

איך האָב דאָ עפּעס פריהער בעמערקט כליעבניצקים פּאָרמאַן ארום האַלל... ווען האָט ער געזוכט: דיך?

— ווילסט טאַקי וויסען? — פרעגט קנור אין אַ צו־להכעים טאָן — ווארט, דוא ווערסט שוין היינט וויסען.

דזשעק טהוט זיך דערבײַ האַסטיג אַ קעהר צו סיימאָנקען און פרעגט שטיל:

— דוא האָסט דאָ טאַקי געזעהען דעם פּאָרמאַן?

— שור — ענטפערט סיימאָנקע אויך שטיל — אוי ברודער, צרות! איך האָב זיך היינט אָנגעריסען, אז קוים וואָס איך רייד יעצט פון הייזעריגקייט... איך האָב אָבער מורא, אז אומזיסט. פּוּף! — ער מאַכט גוטמוטהיג מיט דיא ליפען, וויא צום פייפען — אַ קאַלטער ווינד!

— מע דארף ווארעמען... מיר דאַרפען זיך אָנשטריינגען... מיר טאָרען ניט דערלאָזען, אז דיא קנורס זאָלען נאָכדעם זיין דיא חכמים — מורמעלט דזשעק און קוקט אויף איהם מיט ברע־נעדיגע אויגען: — שטאָקמאַן ווערט דאָ אויך זיין באלד.

— אָט באַלד וועלען מיר דאָך וויסען, וואו מיר האַלטען? צו דער סטרייק וועט ווייטער פאָרטגעזעצט ווערען, אָדער.... פּוּף! — מאַכט סיימאָנקע — מע וועט דאָך באלד אָפּשטימען!

— וואָס שושקעט איהר זיך דאָרטען? — רופט זיך דאָ אָב קנור, שטעהענדיג פון ווייטען, אויף דעם זעלבען אָרט, וואָס פריהער, און נעהמט אראָפּ זיין רעקעל פון אַקסעל און לייגט איהם אונטער'ן פּאכווע: — רעדט העכער, מיר ווילען אויך הע־רען, וואָס זאָגען עפּעס דיא גענאָסען.

דזשייק שווייגט און סיימאָנקע טראַסק לאַכט גוטמוטהיג, נעהמט זיך ארויס פון קעשענע אַ פּיפּקע מיט טאַבאַק, נעהמט איהר אריין צווישען דיא ציינער און פאַנגט אָן צו זוכען אַ שוועבעלע ביי זיך אין אַלע קעשענעס און געפינט ניט... קייקעלט ער זיך צו צו קנור'ן מיט דער פּיפּקע אין מויל און זאָגט:

— פייוועלע, און אַ מעטש וועסטו געבען אַ גענאָסע?



— אַ מעטש? פייער בין איך בערייט צו געבען יעדען גע־נאָסע — מאַכט קנור, צונעהמט דעם רעקעל אונטער'ן פּאכווע און שלעפּט ארויס אַ שוועבעלע פון אַ קעשענע און דערלאַנגט איהר טראַסקען מיט דיאָ ווערטער:—נאָ, גענאָסע, צינד זיך אָן!...

נעהמט טראַסק דיא שוועבעלע, קעהרט זיך אום צו קנור'ן מיט רוקען, בויגט זי איין נידעריג צו דר'ערד און פאַנגט אָן צו רייבען דיא שוועבעלע אָן דיא שטיינער פון טראָ־טואַר און אזוי וויא ער רַייבט זיא, טהוט ער פּלוצים אַ שטויס מיט דער גאַנצער שווערקייט פון זיין הינטען קנור'ן אין דיא דינע קינע, אז ער, קנור, פליהט אראָפּ פון טראָטואר, ארויסלאָ־זענדיג דעם רעקעל פון אונטערן פּאכווע, מיט צושפּרייטע הענד, אַקוראט, וויא ער וואָלט זיך אָן עפּעס וועלען אָנכאַפּען און ווערט שיער ניט גע'הרג'עט... סיימאָנקע קוקט זיך אום רוהיג און גוט־מוטהיג, וואו קנור איז, און רויכערט...

— ראַסטאַנטו! — שרייט קנור — איך וועל דיר דעם מוח צופּלעטען! וואו איז אַ שטיין?...

און ער נעהמט טאַקי זוכען אויף אַלע זייטען אַ שטיין.

— זוך זיך שוין אויף צוויי שטיינער — מאַכט טראַסק מיט דער זעלבער גוטמוטהיגקייט, רויכענדיג זיין פּיפּקע: — איין שטיין אויף אַ מצבה פאר דיר! נגע צרעת דוא — לייגט ער צו גאַנץ רוהיג, ניט אָפּגעגעסען זיך דאָס הארץ, מיט זיין היי־זעריגען קול — נגע צרעת דוא, וואָס טהוסטו דאָ צווישען אָרענט־ליכע ארבייטער? דוא ביזט אַ צרעת, דיין פּלאַץ איז דאָך מחוץ למחנה, וואו אַלע סקעבּס — פּארכעס דארפען זיין!

דזשעק לאַכט אויפ'ן קול. דיא מעהרסטע פון דיא ארו־מיגע לאַכען מיט און איינינע, צווישען זיי אויך דזשייקאָבּס, בורטשען... קנור הייבט אויף זיין רעקעל פון דר'ערד, טרעט אָפּ אָן אַ זייט און זידעלט זיך...

אין דיעזער צייט געהט צו צום לאָקאַל מיט שנעלע טריט אַ בלאָנדער יונגערמאַן, אַ שלאַנקער, מיט אַן אנגענעהמען אינ־טעליגענטנעם פּנים און מיט בלויע פער'חלום'טען אויגען.

— שטאָקמאַן! שרייט אויס דזשעק מיט התפעלות און ווארפט זיך נאָך׳ן יונגענמאַן אין לאָקאַל. סיימאָנקע און דיא איבעריגע ארבייטער, אויך דיא, וואָס זיצען אָנגעשפּארט אָן וואנד פונ׳ם לאָקאַל, טהוען זיך א לאָז אריין אין לאָקאַל...

.4

דער לאָקאַל, ניט זעהר קיין גרויסער, איז געפּאקט מיט ארבּייטער און ארבּייטערינס. דיא שטולען, דיא בּענק, וואָס זיינען אויסגעשטעלט נעהנטער צום פּלאטפאָרמע, זיינען אלע בּעזעצט און פון דאָרט ציהען זיך גאַנצע וועגד מיט מענשען אין דער לענג, אין דער בּרייט און בּיי דיא זייטען, בּיז דיא סאַמע טירען ביים אריינגאנג.

דער עולם ארום רעדט, שרייט, פּילדערט, לאַכט און רויכערט. פון אלע זייטען טראָגען זיך רינגעלאַך רויך פון פּיפּקעס און סיגאַרעטען, וועלכע מאַכען דיא לופט אין לאָקאַל אונערטרעגליך, צום דערשטיקט צו ווערען...

אַז שטאָקמאַן קומט אַריין, הייבּט זיך אויף א פּאַטשעריי פון אלע זייטען מיט אַ געשריי: „אָרדער, אָרדער!“ עס פּאַטשט דאָרט דער מאַן אויפ׳ן פּלאַטפאָרמע אין טיש און שרייט „אָרדער“. עס פּאַטשען און קלאַפּען, און שרייען „אָרדער“ דיא וואָס זיצען. עס פּאַטשען און שרייען „אָרדער“ דיא, וואָס שטעהען... עס פּאַטשען פרויען אין דיא הענד און קוויטשען „אָרדער“ און עס נעהמט גאַנצע פינף מינוט בּיז דער בּעטויבּענדער אונאָרדנונגס געשריי „אָרדער“ ווערט איינגעשטילט...

עס ווערט שטיל ערשט דאַן, ווען שטאָקמאַן בּעוויזט זיך אויפ׳ן פּלאַטפאָרמע. עס ווערט אזוי שטיל, אַז מע הערט דעם זשומען און דעם שלאָגען זיך פון אַ פליעג אָן א שויב פון אַ פענסטער אינעווענינג אין לאָקאַל, — דעם צאַפּעלדיגען זשומען, וועלכער ווערט ענדליך פערטרונקען אין דעם רוישען פון רעדער פון א וואָגען, וואָס פּאָהרט פערבּיי דעם לאָקאַל....



דזשעק און סיימאָנקע האָבּען זיך דורכגעקוועטשט צווישען דעם עולם און האָבּען זיך געזעצט אויפ׳ן פּלאַטפאָרמע אהינטער דעם רעדנער.

שטאָקמאַן טהוט אַ פיהר מיט׳ן האַנד איבּער זיין בּלאָנדען קאָפּ, בּעטראכט אַ ווײַלע פון דער פּלאַטפאָרמע דעם עולם ארום זיך און פאַר זיך מיט פערחלום׳טע אויגען און דאַן זאָגט ער מיט אַ שטילער שטימע, וועלכע הילכט אָבּער אָפּ איבּערן גאַנצען לאָקאַל:

— פריינדע, ווען איך בּעטראכט יעצט דיעזען האָל, פול מיט שטיקענדען רויך, מיט פערפּעסטעטער לופט, דערמאָן איך זיך אָן אייער גאַנצען לעבּען און איך דענק, אז ווען מען זאָל יעצט עפענען אַ פענסטער און עס זאָל טאַקי אריינקומען אַ בּיסעלע פרישע לופט, וואָלט אייך זיכער ניט פערשאַדט!...

עס הייבּט זיך אויף אַ בּראַוואָ־געשריי און אַ געלעכטער, און א פּאַטשעריי צווישען דעם עולם, אז דיא ווענד, דאַכט זיך, ציטערען... דזשעק שפּרינגט אויף, שרייט: „עפענט דיא פענסטער.“ אייניגע מיט איינמאָל ווארפען זיך צו דיא פענסטער און מע עפענט זיי מיט געפּילדער. דזשעק זעצט זיך דאַן ווידער נעבּען סיימאָנקען אהינטער דעם רעדנער און שושקעט איהם, סיימאָנקען, אריין אין אויער מיט אַ צופריעדענעם שמייכעל, צוגאָסען איבּער זיין פּנים: „וויא ער האָט זיי עס אַ זאָג געטאָן! אָט ער וועט זיי בּאַלד דערוואַרעמען!“ אויף וואָס סיימאָנקע טהוט צופריעדען אַ מאַך מיט׳ן קאָפּ, אז עס איז טאַקי אַזוי, און טהוט איהם אַ צופּ פאר׳ן ארבּעל, ער זאָל שווייגען...

עס איז ווידער שטיל... שטאָקמאַן רעדט ווייטער. און ער רעדט יעצט העכער, און זיין שטימע קלינגט העלער, רייגער און קלאָרער... אַ מערקווירדיגע שטימע! דיא געוואוינליכסטע ווערטער גיעט זיא איבּער מיט אַזאַ צויבּער, קריעגען דורך איהר אַזאַ קראַפט, אַז בּיים עולם הייבּען זיך הענד און פיס, הערענדינג זיא....

און ער רעדט, און ער רעדט, און וואס לענגער ער רעדט, אלץ העכער און קלערער קלינגט זיין שטימע, אלץ שטארקער אפלאדירט איהם דער עולם, אלץ מעהר און מעהר רייסט ער זיך אליין הין פון דעם עולם'ס אפלאדיסמענטען... דיא אויגען ברענען ביי איהם, איבער זיינע באקען איז צוגאסען א ראזעווע פארב און דיא ווערטער וואס רייסען זיך פון זיינע ליפּען זיינען, דאכט זיך, ניט סתם ווערטער, נור פונקען, דאכט זיך, פייערדיגע פונקען, וואס צוהיטצען און צוברענען דיא צוהערער.

דזשעק אהינטער איהם איז האלב פעררוקט פון גדולה, דען ביי יעדער שטארקער פראזע, וואס שטאקמאן זאגט, שטורכעט ער סיימאנקען מיט'ן עלענבויגען אין זייט און ביי יעדען בראווא געשריי, וואס ביים פובליקום רייסט זיך ארויס, קנייפּט ער סיימאנקען ביים ארעם, צופּט פון איהם דאס פלייש מיט דיא ווערטער: „ער ווארעמט, ער ווארעמט“, אז סיימאנקע רוקט זיך אפּ מיט זיין שטוהל ווייטער פון איהם.

און שטאקמאן רעדט אלץ און רעדט...

— אה, ארבייטער — הילכט זיין בעצויבערענדע שטימע — ארבייטער, ווען איהר וואלט פערשטעהען דיא מאכט פון א יוניאן, וויא אייערע באסעס פערשטעהען עס, — אה, דאן וואלט אייער לעבען ניט געוועזען אזוי פער'חושך'ט, פערפינסטערט, אזוי אונגליקליך! איהר מיינט, אז אייערע באסעס בעקעמפפען אייך אומזיסט? ניין! זי ווייסען, אז אן איינצעלנעם ריטעל איז לייכט צו צוברעכען; אז אן איינצעלנע פאדים איז לייכט צו צורייסען... און אז פון פעראייניגטע ריטלאך קען ווערען א בעזים; אז פון פעראייניגטע פעדים קען ווערען א בייטש, — א בעזים, וואס זאל אין צייט פון'ם קאמפף זיי ארויסקערען, אייערע באסעס; א בייטש, פאר וועלכע זיי זאלען דארפען ציטערען! דארום בעקעמפפען זיי אייערע יוניאנס און דארום מוזט איהר קעמפפען פאר אייערע יוניאנס! ארבייטער, זייט פעראייניגט אין אייערע יוניאנס, קעמפפט האנד אין האנד,



שולטער צו שולטער און אייער אלעמענס זיעג איז געזיכערט! — ענדיגט ער מיט פייער.

א געוואלדיגע „בראווא“ ענטפערט דא דעם רעדנער, דונערענדע אפלאדיסמענטען פערהילכען דעם לאקאל. סעם — דער יונגערמאן, וואס האט זיך פריהער געקריעגט אין דרויסען מיט קנור'ן, שפרינגט ארויף אויפ'ן פלאטפארמע מיט א צוהיצטען פנים און שרייט צום פובליקום:

— וואו איז קנור מיט דיא אנדערע סקעבישע נשמות? האבען זיי עס געהערט? האבען זיי עס פערשטאנען?

— הא — הו — הא — הו — הא — הא! — שרייט ווילד דער עולם.

— טראך — טראך — טראך — טרא־אך! הילכען דיא אפלאדיסמענטען.

איינער, א עלטערער איד, מיט א פער'צרה'טען פנים, מיט א שווארצער צופלאנטערטער בארד, שפרינגט ארויף אויף א שטוהל, הייבט אויף דיא האנד אין דער הויך און שרייט אויס מיט התלהבות.

— טרי „צשערס“ פאר אונזער רעדנער!

— הורריי! אורראַ! שרייט מען פון ארום.

דזשעק ווארפט זיך צו סיימאנקען מיט א צופלאמטען פנים און מיט א ברייטען גליקליכען שמייכעל אויף דיא ליפען:

— הא, סיימאנקע, דערווארעמט, הא? — מורמעלט ער גליקליך.

— דאס וועלען מיר ערשט באלד זעהען ביים אפשטימען — מאכט זיך קאלטבלוטיג סיימאנקע און שמייכעלט מיט זיין געוואוינליכען גוטמוטהיגען שמייכעל: — דוא קענסט דאך אונזערע קלאקמאכער? זאגט זיי איינער „באם“ מאכען זיי „באם!“ זאגט זיי א צווייטער „בים“, מאכען זיי „בים!“...

שטאקמאן פערלאזט דיא פלאטפארמע מיט שפורען פון בעגייסטערונג אויף זיין פנים. דזשעק לויפט איהם אין פאראויס און קוועטשט איהם דורך א וועג מיט דיא פלייצעס צווישען דעם ענגען פובליקום. ביים טהיר זעגענט ער זיך מיט שטאקמאנען

און בעדאנקט איהם מיט א שטראהלענדען פנים. דאן וויל ער זיך צוריק קעהרען צום פלאטפארמע, דערזעהט ער פלוצים זיין ראזא ניט ווייט פון זיך,ביים טהיר.

— נו, ראזא, גוט, הא?... פרעגט ער מיט א לייכטענדען פנים.

— איך ווייס ניט! — ענטפערט זיא מיט א געצוואונגענעם שמייכעל — מיר וועלען זעהען, וויא מע וועט שטימען...

דזשעק'ס פנים בעציהט זיך פלוצים מיט א וואלקען און דיא אויגען טהוען ביי איהם בייז א בלישצע.

— ראזא! מאכט ער שטרענג — דעם בלוטזויגער'ס ווערטער, הא?!

— אך, מאכט זיא — לאז מיך צופריעדען! אט קנור וועט דא באלד זיין מיט'ן פארמאן! דוא וועסט זעהען, וויא זיי וועלען שטימען! עס מאכט נישט, וואס זיי האבען שטאקמאנען אפלאדירט... איך ווייס זייער אלעמענס מיינונג וועגען סטרייק..... פאפא, אומזיסט, איך זאג דיר, אז דאס איז אומזיסט! מאכט זיא מיט האנד, טרעט אפ פון איהם און פערשווינדעט צווישען פובליקום....

ער בלייבט שטעהן, אזוי וויא ער וואלט געקראגען אויסגעפאטשט אונערווארטעט פון זיינעם דעם בעסטען פריינד פאר א זאך, פאר וועלכע ער האט ערווארטעט, אז יענער זאל איהם לויבען.... ער פיהלט זיך בעליידיגט און שטארק פאסקודנע אויף'ן הארצען.

דער עולם ארום אין לאקאל הייבט אן דערווייל ווידער צו ריידען צווישען זיך. מע לאכט, מע שרייט, מע פילדערט און מע רויכערט דיא פיפקעס און דיא סיגארעטען...

סיימאנקע האט פערלאזען דיא פלאטפארמע, געהט צו צו דזשעק'ן מיט'ן פיפקע אין מויל און זאגט:

— דזשעק ווייסטו וואס? מע האט יעצט געדארפט שטימען.

— שטימען? — פרעגט דזשעק צוטראגען און טהוט זיך גלייך א כאפ — שטימען? יעס, ביזט גערעכט! טאקי יעצט שטי־



מען!... מיסטער טשערמאן — שרייט ער מיט אלע קרעפטען מיט זיין באס שטימע, וועלכע ווערט אבער דערטרונקען אין דעם ארומיגען טומעל — רופט צו ארדנונג!

דער פארזיצענדער שרייבט עפעס דארט אויף'ן פלאטפארמע און הערט איהם ניט.

דזשעק נעהמט זיך דורכקוועטשען צום פלאטפארמע, אהינטער איהם ארבייט מיט דיא פלייצעס צווישען עולם סיימאנקע...

אין דיעזער צייט לויפט אריין אין לאקאל קנור מיט'ן רעקעל איבערן אקסעל, נאך איהם א יונגערמאן אין ברילען און אהינטער דעם יונגענמאן — דזשייקאבס, מיט אן איינגעהויקערטען רוקען, און נאך אנדערע: אי מיידלאך, אי יונגע לייט...

— דער פארמאן!... — לויפט דורך, וויא א שטורם, א געמורמעל איבערן לאקאל...

* * *

אין לאקאל איז יעצט שטיל... אלע קוקען, איינגעהאלטען דעם אטהעם, צום פלאטפארמע צו, וואו עס זיצט דער פארזיצענדער. דיא, וואס שטעהען אין דיא הינטערסטע רייהען, ציהען זיך אויס אין זייער גאנצען וואוקס, פעררייסען הויך דיא קעפ איבער דיא אקסלען פון דיא, וואס שטעהן אין דיא פאדערשטע רייהען, און קוקען שטארק אנגעשטרענגט אהין.

דזשעק מיט סיימאנקען שטעלען זיך ביי א זייט נעבען פלאטפארמע, דזשעק מיט א פינסטערען פנים, סיימאנקע רוהיג, מיט דער פיפקע אין מויל. דער יונגערמאן אין דיא ברילען שטעהט אנטקעגען זיי, אויף דער אנדער זייט, נעבען פלאטפארמע, קנור און דזשייקאבס געגען איהם.

דאן שפרינגט ארויף קנור אויף'ן פלאטפארמע מיט'ן רעקעל איבער'ן אקסעל, זאגט עפעס דעם פארזיצענדען און שפרינגט צוריק אראפ און שטעלט זיך ווידער נעבען דעם יונגען מאן אין דיא ברילען.

דער פאַרזיצענדער שטעלט זיך אַוועק, קלאַפּט אָן מיט אַ שווערן אייזערנעם האַמער אין טיש און ווענדעט זיך צום עולם:

— ברידער! מיסטער כליעבניצקי האָט צו אונז געשיקט דעם פאָרמאַן מיט אַן ערקלערונג. ווילט איהר איהם אויסהערען?

— יעס־עס! — קלינגט אָפּ פון אַלע זייטען.

עס דערהערט זיך אַ רוקען פון שטולען, אַ געשריי: „אָרדער, אָרדער, שאַ!... זאָל זיין שטיל, אינדיאַנער!“ דיא וואָס זיצען אויף שטולען, אויף בענק, שטעלען זיך אויף זיי אַוועק, אום צו זעהען בעסער, ווען דער פאָרמאַן וועט ריידען. און דיא, וואָס שטעהען אין דיא הינטערשטע רייהען, שטופּען זיך נעהנטער צום פּלאַטפאָרמע צו... צווישען עולם ווערט אַ געדרענג, אַ שטיקענעש און אַ דריקעניש. ווידער אַ טומעל און אַ געשריי „אָרדער“ און אַ קלאַפּען פון פאָרזיצענדען מיט'ן האַמער אין טיש, ביז דער יונגערמאַן אין דיא ברילען בעוויזט זיך אויפ'ן פּלאַטפאָרמע. דאַן ווערט עס ווידער שטיל, וויא אויף אַ בית עולם....

דער יונגערמאַן איז בלייך, קוקט צושראָקען ארום זיך דורך זיינע ברילען, ער הייבט אָן צו ריידען.

— פריינד — רעדט ער — דער באָס מיסטער כליעבניצקי האָט מיך אַהער געשיקט, איך זאָל אייך ערקלערען פאָלגענדעס: עס זיינען צווישען אייך דאָ „הענד“, וואָס האָבען ביי איהם גע־ארבייט מעהר פון צעהן יאָהר... זיי האָבען אימער ביי איהם געמאַכט אַ שעהן לעבען... יעצט הונגערען זיי, און ווארום? האָט זיי מיסטער כליעבניצקי דען געסעקט? האָט ער דען ביי זיי אראָפּגעריסען פון דיא פּרייזען? אָדער האָט ער דען ניט גענוג ארבייט צו געבען אייך, אז זיי און איהר אַלע זאָלען קענען מאַכען אַ שעהן לעבען? דאָס גראַדע ניט! איהר הונגערט, ווייל איהר סטרייקט! אייערע קינדער הונגערן, ווייל איהר סטרייקט!

— און אונזערע באָבעס הונגערן, ווייל מיר סטרייקען!

— ברעכט איהם דאָ דזשעק אויפגערעגט אונטער מיט זיין באָס



— וואָס האָט איהר זיך געשטעלט דאָ זאָגען אונז מוסר? רעדט, וואָס ווייל דער באָס און מאַכט ניט קיין חוזק.... רעדנער מיינער!...

— לומפּ! — שרייט אוים קנור מיט בלישצענדע אויגען אויף דזשעק און שפּרינגט ארויף אויפ'ן פּלאַטפאָרמע מיט דעם רעקעל איבער'ן אַקסעל און ווענדעט זיך צום עולם, שרייענדיג מיט אַלע כוחות:

— בלינדע מענשען, וואָס איהר זייט, וואָס לאָזט איהר זיך פערפיהרען פון אַ לומפּישען „צאַצעליסט?“ מע וועט דאָך אייך באַלד ארויסוואַרפען פון אייערע דירות... איהר וועט דאָך צושטאַרבען אין סטריט פון הונגער! דער פאָרמאַן איז אַליין געקומען צו אייך, ער רעדט צו אייך וויא צו מענשען, און אַזאַ לומפּ, וויא קאַרל מאַרקס....

— ער קוילעט אונז, כאַפּט אונטער דזשייקאָבס און שפּרינגט אויך ארויף אויפ'ן פּלאַטפאָרמע — ברידער, האָט רחמנות! שרייט ער.

— וואַרפט ארוים קאַרל מאַרקס'ען פון האָלל! דערהערט זיך פּלוצים פון אַ ווינקעל אַן איינצעלנע אויפגערעגטע שטימע.

— וואַרפט איהם ארוים צוזאַמען מיט זיינע אַדיוטאַנטען! שרייט קנור פון פּלאַטפאָרמע.

— ער איז אַ מערדער, ער! ער האָט אונז געקוילעט! — שרייט דזשייקאָבס רחמנות'דיגער קול פון פּלאַטפאָרמע.

— וואַרפט איהם אַרוים!... דערהערען זיך שוין יעצט פיע־לע שטימען פון אַלע זייטען....

דער אידעל, מיט דער צופּלאָנטערטער בערדיל און פער־צרה'טען פנים, וואָס האָט נאָך גאָר ניט לאַנג בשעת שטאָקמאַן האָט גערעדט, געשריען מיט התלהבות: „טרי „טשערס“ פאר'ן רעדנער“, איז יעצט אויך אויפגעשפּרונגען אויף אַ שטוהל און האָט מיט דערזעלבער התלהבות וואָס פריהער געשריען: „טרי טשערס פאר מיסטער כליעבניצקי! וואַרפט ארוים דעם צאַ־צעליסט!“...

דזשעק איז בלייך, קוקט ארום זיך מיט בלישצענדע, שטעכעדיגע אויגען, און בייסט דיא ליפען און שמייכעלט.

אין מיטען פון דיזען געשריי הויבט זיך אויף טראסק פון זיין אָרט, נעהמט ארויס דיא פיפקע פון מויל, קלאַפּט אויס גאַנץ רוהיג דעם אַש פון איהר אויפ׳ן לאדאַן און בעהאַלט זיא אין קעשענע. דאַן געהט ער צו צום פלאַטפאָרמע מיט זיין גוטמוטהיגען שמייכעל, טהוט אַ כאַפּ מיט איין האנד קנור׳ן פאר דיא פּיס, מיט דער צווייטער דזשייקאָבס׳ן און שלעפּט זייביידען אראָב....

**דזשייקאָבס** שרייט:

— אוי דיא פיס האָט ער מיר אויסגעבראָכען, דיא פיס!

קנור כאַפּט אַ שטוהל און ווארפט זיך אויף טראסק׳ען.

עס הויבט זיך אויף אַ געשריי, אַ געפילדער, אַ קלאַפּען מיט דיא שטוהלען, אַ צושראָקענער קוויטשען פון פרויען... און דער עולם פון הינטען טהוט זיך אַ ריס צום פלאַטפאָרמע מיט אַזאַ קראַפט, אַז עס דאַכט זיך, אז אָט־אָט וועט אראָפּגעטראָגען ווערען דיא פלאַטפאָרמע צוזאַמען מיט דיא וואנד אַהינטער..

דער פאָרמאַן פערשווינדעט ערגעץ. דזשעק שפרינגט ארויף אויפ׳ן פלאַטפאָרמע און סטאַרעוועט זיך אריבערצושרייען דעם ארומיגען געטומעל:

— קינדער, וואָס טהוט איהר? — שרייט ער, איז רויט וויא אַ בוריק, און סאָפּעט מיט׳ן גאַנצען קערפּער: — קינדער, פאַר וואָס שלאָגט איהר זיך?

אַ שטוהל פליהט פון אונטען אין דער־הויך, פאַלט אויפ׳ן פלאַטפאָרמע און טרעפט איהם אין פלייצע, ער האַקט אָב אין מיטען ריידען.

און יעצט שלאָגט מען זיך, דאַכט זיך, איבער׳ן גאנצען לאָקאַל...

דאָ און דאָרט, פון פאָרענט, פון הינטען, אין מיטען פון לאָקאַל, הייבען זיך הענד אין דער לופטען, הייבען זיך שטוהלען איבער דיא קעפּ. עס שלאָגען זיך אי דיא, וואָס זיינען ספּעציע־



לע אַנהענגער פון דזשעק׳ן און פון סטרייק, אי דיא, וואָס זיינען זיינע ספעציעלע געגנער... דער געשריי איז יעצט שטאַרקער, דיא קוויטשעריי פון דיא פרויען העכער... צווישען דער ענגע מאַסע קעפּ און שולטערס, וואָס בעוועגט זיך איבערן לאָקאַל מיט שטורם, וויא אַ מורא׳דיגע שווארצע כוואַליע, אהין און צוריק, בעוועגען זיך אויך פיעלע פרויען הוטס מיט פערשיעדענע פעדערען, צוגעהאַלטען אויפ׳ן קאָפּ פון קליינע פרויען הענד...

נעבען פלאַטפאָרמע שלאָגט מען זיך נאָך מיט טראַסקען. ער שטעהט אָהן אַ הוט, מיט אַ פליכעוואַטען קאָפּ, מיט אַ צודראַפּעטען פּנים און מיט אַ צוריסענעם קראַגען פונ׳ם העמד, — שטעהט אַרומגערינגעלט פון אלע זייטען, און וואַרפט זיךארום, וויא אַ געהעצטער וואָלף, מיט זיינע קולאַקעס... אָט איז ער מכבד איינעם פון דער זייט, כאַפּט ער צוריק פון דיא מענשען אַהינטער... אָט טהוט ער זיך אַ כאַפּ צו דיא מענשען אַהינטער, קריעגט ער פון דיא מענשען פון יענעם זייט....

דזשייקאָבס נעהמט אויך אַנטהייל אין געשלעג... ער שטעהט אהינטער איינעמס פלייצע, האלט עפּעס אַ הוט אין האנד, דאכט זיך, טראַסק׳ס הוט, און פורקעט מיט איהר פון הינטען טראַסק׳ען אין פלייצע, שרייענדיג דערביי:

— ארויס, משומד, מערדער, ארויס!

ווייטער אַביסעלע שלאָגט זיך קנור, אַרומגערינגעלט פון יונגע לייט.... מע זעהט זיינע לאַנגע הענד הייבענדיג זיך אין דער לופטען און צעפּענדיג זיך צווישען אַנדערע הענד, טראַגענדיג זיך אַלץ נעהנטער צום פלאַטפאָרמע צו... אָט שווימט ארויס צווישען דיא בעוועגענדע קעפּ, שולטערס און רוקענס זיין בלייכער פּנים, וועלכער איז יעצט ווייס וויא קאַלך און צוקרימט פון אויפרעגונג, און אָט זיין גאַנצע לאַנגע געשטאַלט... דיא זשילעט און דיא העמד זיינען אויף איהם צוריסען, דיא הוט, דער רעקעל, זיינען אויף איהם ניטאָ.... דער געשלעג ארום איהם איז שטורמדיגער, ווילדער... עס איז קענטיג, אז ארום איהם האָבען זיך קאָנצענטרירט דיא הויפּט־קרעפטע פוןביידע צדדים..

דזשעק קומט צו זיך פונ׳ם קלאַפּ, וואָס ער האָט געקראָגען מיט׳ן שטוהל....

— קינדער, שרייט ער ווידער פון פּלאַטפאָרמע און דיעזען מאָל קלינגט זיין שטימע פערצווייפעלט און מיט א טיעפען וועהטאָג: — קינדער, וואָס טהוט איהר?!

ער שפּרינגט אַראָפּ פון פּלאַטפאָרמע און ווארפט זיך אריין אין מיטען געשלעג, וואו קנור שלאָגט זיך, הויבּט אויף אין דער הויך בּיידע הענד און שרייט מיט אַלע קרעפטען אזוי, אז זיין געשריי שרייט איבּער דעם אַרומיגען ווילדען טומעל:

— פינסטערע מוחות, גענוג! ווען אייערע בּאָסעס זאָלען עס זעהען!

און אז ער שרייט עס אויס, ווערט אויף אַ רגע ארום איהם שטיל, דיא הענד בּיי דעם צורייצטען עולם לאָזען זיך אַראָפּ, אָבּער נור אויף א רגע. בּאַלד טהוט אימיצער אַ געשריי:

— דערלאַנגט איהם, דעם ליעדער, דעם צדיק אין פּעלץ! דאָס איז דאָך אין גאַנצען זיין אַרבּייט!

און עס הייבּט זיך אויף אַ געשריי: גיט איהם, ער זאָל געדענקען! און קנור מיט אַנדערע בּעפאַלען איהם.

לכתחילה, אַז מע בּעפאַלט איהם, בּלייבּט ער שטעהען צומישט און צוטומעלט פון דיא קלעפּ און פערטהיידיגט זיך ניט... בּאַלד אָבּער דערהערט ער הינטער זיך אימיצינס געשריי: „דזשעק, וואָס שווייגט איהר דיא אינדיאַנער? וואָס לאָזט איהר, זיי זאָלען אייך שלאָגען?!“ און ער קומט צו זיך.

— מיך שלאָגען?! — קרעכצט ער ארויס און טהוט זיך אַ טרייסעל מיט זיין גאַנצען שטאַרקען קערפּער — מיך? קנור? סקעבּס? שלאָגען מיך?! טהוט ער דאַן אַ בּרום, וויא אַ צורייצטע חיה — אַך, שופטען!...

און ער, דזשעק, צוקאָכט זיך און נעהמט שלאָגען צוריק.. ער איז שוין ניט מעהר דער פריהערדיגער דזשעק, דער אויפגעקלערטער דזשעק, וואָס האָט ערשט, מיט אַ מינוט צוריק, זעהענדיג דעם געשלעג צווישען זיינע בּרידער אַרבּייטער, גע־



שריען מיט אזא וועהטאָג: „בּרידער, וואָס טהוט איהר?“ דיעזער דזשעק קען זיך שוין ניט אָפּגעבּען קיין רעכנונג, קען זיך שוין אַליין ניט קאָנטראָלירען... וויא אַ צורייצטע חיה טראָגט ער זיך פאָראויס, אַ שטאַרקער אַ מעכטיגער, מיט אַ פּנים, רויט וויא פייער, מיט אָנגעצויגענע אָדערען אויף זיין רויטען האַלז, מיט אויסגעקאַטשעטע בּייזע אויגען און מיט אויסגעשצירטע ציינער און שלאָגט, און דער עולם לויפט פון איהם, פאַלט איינער אויפ׳ן אַנדערען, שרייט און זידעלט זיך. דיא פּרויען קוויטשען... און ער טראָגט זיך, אַ ווילדער, אַ צורייצטער, סאָפּעט מיט׳ן גאַנצען קערפּער און וואַרפט ארום זיך מיט זיינע בּיידע אייזערנע הענד, און זיינע געגנער פאַלען אונטער זיינע הענד, וויא גראָז אונטער אַ שאַרפע קאָסע...

זיינע אָנהענגער, איינינגע יונגע לייט, „קעמפּפען“ נעבּען איהם שולטער צו שולטער... עס פליהען הוטס פון דיא קעפּ. עס פליהען שטוהלען אין דער הויך... עס הערען זיך זידלערייען אויף אַלערליי לשונות, אקאָמפּאָנירט פון הילכעדיגע פּעטש.... דער רוסישער מי שברך, דער פּוילישער „פּסא קרעוו“ און דער אַמעריקאַנער „א... טש...“ הילכען אין דער לופטען און שליסען אַן אינטערנאַציאָנאַלען פערבּאַנד!...

אָט פליהט קנור אָהן אַ הוט, מיט אַ בּלייכען צוקרימטען פּנים פון האַס, פליהט מיט אַ שטוהל אין דיא הענד און וואַרפט זיך אויף דזשעק׳ן מיט אַן אימפּעט.

דזשעק כאַפּט אָן מיט דער לינקער האַנד דעם שטוהל, מיט דער רעכטער קנור׳ן ביים אַקסעל און אין דער זעלבער סעקונדע וואַרפט זיך ארום קנור אויף ד׳רערד אונטער דזשעק׳ס פיס....

ער דריקט קנור׳ן פאַר׳ן קאָפּ צום פּאָדלאָגע און שעפּצעט צווישען דיא ציינער: „הא יעצט בּיזטו אין מיינע הענד, וועסט זיך קריכען שלאָגען? הא?“

קנור סטארעט זיך צו בעפרייען דעם קאפ פון דזשעק'ס אייזערנע הענד, ווארפט זיך ארום מיט דיא פיס, שיפעט און קרעכצעט...

— לאזט איהם איין! — שרייט מען פון ארום.

— קארל מארקס איז משוגע געווארען.

און דא דערפיהלט דזשעק פלוצים א קלונג אין אויער. איינער פון קנור'ס פריינד האט איהם דערלאנגט פון א הינטער אין אויער. אויף א מינוט ווערט ער צוטומעלט, שפרינגט אויף פון דר'ערד בלייך, צושראקען און לאזט אפ קנור'ן.

קנור שפרינגט אויף פון דר'ערד בלייך, צושראקען, אהן א הוט און אהן א רעקעל און פערשווינדעט באלד צווישען רעם עולם...

— דא איז ער, דזשעק! — שרייט א יונגערמאן, זיינער א אנהענגער, דער זעלבער, וואס איז פריהער געוועזן אויפ'ן פלאטפארמע, בשעת שטאקמאן האט גערעדט, און שלאגט זיך מיט א צווייטען יונגענמאן: — דא איז ער, דער סקעב, וואס האט אייך געגעבען דעם קלאפ!

דזשעק טהוט זיך א לאז צו יענעם יונגענמאן מיט אנגע־צונדענע אויגען, דער יונגערמאן פערשווינדעט...

אין דער זעלבער צייט שלאגט זיך נאך סיימאנקע און זיינע אנהענגער מיט קנור'ס אנהענגער נעבען פלאטפארמע. דזשעק פיהלט יעצט, אז ער מוז אימיצען שלאגען און ער ווארפט זיך יעצט אהין מיט א געשריי:

— אז איהר ווילט זיך שוין שלאגען, וועל איך אייך ווייזען, וויא מען שלאגט!

און ער ווארפט זיך אריין מיט דיא קולאקעס אין מיטען געשלעג און העלפט סיימאנק'ען....

— טראסקע, דזשעק, טראסקע! הערט זיך סיימאנקעס הייזעריגע שטימע צווישען דעם ווילדען געפילדער — שלאג דיא אינדיאנער אהן רחמנות! דערלאנג דארטען דעם סמאר־קאטש, דזשייקאבס'ען...



און אין דערזעלבער סעקונדע דערהערט זיך דזשייקאבס געשריי: „געוואלד, ער האט מיר דיא לונגען אבגעריסען!...“

פלוצים בעווייזט זיך אויפ'ן פלאטפארמע דזשעק'ס טאכ־טער ראזא, בלייך וויא דער טויט, מיט פערבראכענע הענד, קוקט מיט גרויסע, צושראקענע אויגען אהין, וואו איהר פא־טער שלאגט זיך, טרייסעלט זיך מיט'ן גאנצען קערפער און שרייט מיט א יאמער:

— פאפא, וואס איז עס, פאפא?

דזשעק דערהערט איהר קול, קומט צו זיך און שטעלט זיך אפ. ער לויפט ארויף אויפ'ן פלאטפארמע צו איהר מיט א צוריסענעם רעקעל, מיט א האלב ווילדען אויסזעהען.

זיא קוקט אויף איהם, ברעכט דיא הענד און וויינט:

— פאפא, אה, פאפא!

— גאר ניט, גאר ניט, מיין טאכטער — שעפצעט ער, גלעט זיא פאר'ן פלייצע און שמייכעלט ביטער: — ניט איך האב זיך אנגעהויבען, נור זיי... פינסטערע מוחות, ווייסען, אז מע דארף שלאגען, ווייסען אבער ניט וועמען!... שעפצעט ער מיט א ציטערנדען קול...

אין לאקאל לויפען אריין עטליכע פאליסלייט מיט קלאב.

.5

אויף מארגען אין דער פריה פיהרט א פאליסמען אריין דזשעק'ן מיט סיימאנקען אין עסעקס מארקעט קאורט... דזשעק איז בלייך, מיט בלויע צייכענס אונטער דיא אויגען. דיא האאר אויפ'ן קאפ און דיא בערדיל זיינען ביי איהם צופלאנטערט, דער ראק, דיא זשילעט און דיא הויזען ביי דיא קניע זיינען אויף איהם צוריסען.... מע האט איהם נעכטען ארעסטירט מיט סיימאנקען אין האל פאר „מאכען א ראיאט“ און זיי האבען דיעזע נאכט גענעכטיגט אין „פאליס־סטיישען.“ דזשעק האט א גאנצע נאכט ניט געשלאפען נאך א טאג פון אזא אויפרעגונג.. ער קוקט אוים מיעד, צובראכען און ניעדערגעשלאגען... סיי־

מאנקע, אויך מיט א צוריסענעם פנים און צוריסענעם רעקעל, שטעהט זיך אבער, וויא געוועהנליך, רוהיג, מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל אויפ'ן פנים. ער האט גראד געשלאפען דיעזע נאכט אין סטיישען־הויז, וויא א דער'הרג'טער, און זיין כראפען האט שיער ניט משוגע געמאכט דעם נערוועזען דזשעק'ן...

אין קארט־רום, צווישען פובליקום, אין דער ערשטער רייהע, זיצט אויך ראזא, מיט פערוויינטע אויגען. מיסטער כליעבניצקי איז אויך דא. ער שטעהט זיך מיט א צילינדער הוט אין דיא הענד נעבען דיא גראטעס, וואס טהיילען אפ דיא גערעכטיגקייט און איהרע משרתים, און דיא זינדער פון דעם אלגעמיינעם פובליקום אין קאורט, און רעדט מיט א לאיער, א בעקאנטע פיגור אין עסעקס מארקעט קאורט, מיט א רונדען, רויטען, גלאט ראזירטען פנים, מיט גרויסע, אויסגעקאטשעטע אויגען, וויא ביי אן אקס, און מיט א פולען מויל מיט קיי־טאבאק...

מע רופט אויף סיימאנקען. דער פאליסמען טרעט ארויס פאר'ן דזשארדזש און דערצעהלט איהם וועגען דעם „געפעהרליכען ראיאט", וואס ער און זיינע בראווע חברים האבען געהאט צו בעקעמפפען אין ארטשארד סטריט... „דיעזער — וויזט ער אויף סיימאנקען — איז איינער פון דיא ליעדערס"...

— זאגט דעם דזשאדזש — מאכט דא כליעבניצקי צום לאיער — אז דיעזער סיימאנקע איז אן אנארכיסט!...

דער לאיער טהוט א מאך מיט'ן קאפ און זאגט ארויס, שנעל ווענדענדיג זיך צום דזשארדזש: — יור האנאר, דיעזער מאן איז א געפעהרליכער אנארכיסט!

און אבגעזאגט עס, טהוט ער זיך, דער לאיער, ווידער א קעהר צו כליעבניצקי, טהוט כיטרע א קנייטש מיט'ן אייגעל, אזוי וויא איינער זאגט: „הא, גוט? אריינגעהאקט איהם, הא?" און ער כאפט ארויס פון קעשענע א שטיק קיי־טאבאק, טהוט א ביס פון גאנצען און ארבייט ווידער שטארק מיט'ן מויל...

און סיימאנקע שטעהט זיך פאר'ן דזשארדזש מיט זיין געוועהנליכען גוטמוטהיגען שמייכעל.



דער דזשארדזש קוקט איהם אן שארף און פרעגט איהם וועגען „ראיאט."

סיימאנקע זאגט עפעס מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל...

דער דזשארדזש האט אבער קיין צייט ניט צו באדערען זיך לאנג מיט אזעלכע, וויא סיימאנקע, און ער זאגט ארויס אין איין אטהעם:

— צעהן דאללאר, אדער צעהן טעג!...

פערשטעהט זיך, אז אזא קאפיטאליסט איז סיימאנקע ניט, אז ביי איהם זאלען זיך פערוואלגערען צעהן־דאלארדיגע אין דיא קעשענעס אין מיטען העלען מיטוואך און ער מוז זיך נעביך דערוויילע צופריעדען שטעלען מיט דיא „צעהן טעג"...

מיסטער כליעבניצקי קוקט איהם דערביי אן מיט נצחון און טראכט ביי זיך:

„דעם סטרייק האב איך טאקי געוואונען און דער פארך וועט מוזען געהן אין חדר אריין לערנען דרך ארץ!"

זיינע געדאנקען ווערען גלייך איבערגעשלאגען פון דעם קלערק'ס שטיממע, וואס רופט אן דזשעק'ן. ער טהוט א קוק אויף דזשעק'ן. יענער שטעהט פאר'ן דזשאדזש מיט א פינסטערען פנים. דער לאיער מיט דעם קיי־טאבאק שטעהט ביי דזשעק'ס זייט...

— יור האנאר — מאכט דער לאיער — דיעזער מאן איז א קראנקער.... ער איז קראנק אויף דעם.... (ער לייגט צו דעם פינגער צום שטערען). דא, אין קאורט, געפינט זיך זיין ברודער, א רייכער, רעספעקטאבלער סיטיזען.....

דער דזשאדזש ברעכט אונטער דעם לאיער: — בעפרייט!...

דער פאליסמען טהוט דזשעק'ן א שטויס אין פלייצע:

„געה!"

דזשעק געהט ארויס, א צומישטער, פון קאורט, ניט פארשטעהענדיג פאר וואס מי האט איהם בעפרייט און סיימאנקען ניט... אלעס איז מיט איהם אין קאורט צוגעגאנגען אזוי שנעל, אז ער האט ניט געקענט זיך אבגעבען א קלארען רעכנונג, וואס

אזוינס איז פאַרגעקומען צווישען דעם מאַן מיט דעם רויטען פּנים און דעם דזשאָדזש.... (אז יענער איז זיין לאָיער האָט ער ניט געוואוסט.)

ראָזא לויפט נאָך איהם נאָך און ערשט אין דרויסען בעמערקט ער זיא.

— רוא ביזט דאָ ראָזאָ? — מאַכט ער, אז ער דערזעהט זיא — איך דארף דיר טאַקי! קום, מיר וועלען זעהן צו קריגען צעהן דאָלאר, אום צו בעפרייען סיימאָנקען! וואָס הערט זיך מיט דעם סטרייק? — ברעכט ער זיך פּלוצים אונטער מיט אימפּעט.

— וואָס זאָל זיך הערען? אלע סטרייקער זיינען היינט אוועק צוריק ארבייטען, זאָגט זיא שטיל....

— אלע? צוריק? סטרייקער? — מורמעלט ער, שטעלט זיך אָפּ, קוקט אויף איהר מיט צומישטע אויגען און פיהלט, אז דאָס בלוט האָט איהם אַ קלאַפּ געטהאָן אין קאָפּ. פּלוצים כאַפּט ער אריין זיינע פינגער אין מויל, בייסט זיי מיט א צוקרימטען פּנים און שרייט אויס מיט וועהטאָג:

— ניין, ניין, זיי זיינען ניט קיין סטרייקער, זיי זיינען אלע סקעבס, אלע, אלע!....

פון׳ם קאָורט געהט ארויס מיטסטער כליעבניצקי אין ציליגדער־הוט, אָנגעשפּארט אויף׳ן שטעקיל מיט דיא זילבערנע הענטעל, ער רופט צו זיך ראָזא׳ן.

דזשעק טהוט זיך אַ טרייסעל.

„שטעה, ראָזא — שרייט ער — שטעה דאָ!

ער כאַפּט ארויס געלד פון קעשענע, ציהט אויס דיא האנד מיט דעם געלד צו כליעבניצקי און שרייט:

— דאָס איז, וואָס דו האָסט מיין ווייב געגעבען נעכטען!... בעסטיע, ניט שנאָרען וועל איך ביי דיר, נור בעקעמפּפען וועל איך דיך!

דערביי טהוט ער איהם א וואָרף דאָס געלד אין פּנים און צולאכט זיך מיט א בייסענדען געלעכטער.



מיסטער כליעבניצקי הויבט אויף דאָס געלד פון דר׳ערד, בעהאלט עס אין קעשענע און מורמעלט: „משוגענער קאַרל מאַרקס!“ דאן רופט ער צו זיך ראָזא׳ן: „קום!“

זיא שטעהט, וויל צוגעהן צו כליעבניצקי׳ן, האָט אָבער רחמנות איבער איהר טאַטען, טהוט זיא מיט כעס א מאַך מיט׳ן האנד און געהט גאָר אוועק אליין, אין א זייטיגער גאס....

דיא ברידער בלייבען נאָך אווײלע שטעהן, קוקען איינער אויף׳ן אנדערן מיט האס אין דיא אויגען. דאן צוגעהן זיי זיך יעדער אין זיין בעזונדער וועג: דזשעק צו דער יוניאָן, צו בעפרייען סיימאָנקען. און מיסטער כליעבניצקי אין זיין שאָפּ, וואו מען האָט היינט אָנגעהויבען צו ארבייטען מיט א „פולען סעט הענד“....



# נאך גאר א גרינער...

...איך בין נאָך גאָר אַ גרינער. אינגאַנצען פינף יאָ־בען אין אַמעריקע און ביי אַ דריי חדשים פון רוסלאַנד.

קומען קום איך פון אַ ליטוויש קליין שטעדטעלע, וואו איך האָב אין דער פרייער צייט, דאָס הייסט, אַז איך בין ניט פערשפאַרט געווען אין טורמע פאַר בונדיסטישע־חטאים, זיך בעשעפטיגט מיט צוויי זאַכען: מיט געבען לעקציאָנען יודישע קינדער, זיי זאָלען וויסען, ווי מען „סקלאָנאַיעט" ריכטיג די נויטיגע ווערטער: „סוואָבאָדאַ און באָרבאַ" און מיט שרייבען קאָרעספאָנדענציעס פאַר יודישע צייטונגען...

אין ניו־יאָרק האָב איך גערעכענט... נאָר מאַלע וואָס איך האָב גערעכענט... ניט אַזוי האָב איך זיך פאָרגעשטעלט דאָס לעבען און די מענשען אין ניו־יאָרק!...

איך וועל אייך דעם אמת זאָגען: זינט איך בין אין ניו־יאָרק, געה איך אַרום אַ צודרעהטער, אינגאַנצען צודרומשקעט, מיט אויסגעפוטשעטע אויגען... אין אַ פער׳כשופ׳טען קרייז דרעה איך זיך אַרום, דאַכט זיך מיר... איך זעה, און דריק מיט די אַקסלען. איך קוק, און פאַר די אויגען שווינדעלט. איך הער, און אין די אויערען הילכט און קלינגט...

פון אַלע און אין אַלע זייטען לויפען מענשען און סאָפען, לויפען טראָמווייען און סאָפען...

וואַגאָנעס מיט מענשען טראָגען זיך מיט אַ הודזשען און זשוזשען אויבען אין דער לופטען איבער די הויכע הייזער,



וואַגאָנעס מיט מענשען טראָגען זיך מיט אַנ׳אימפעט און גע־פילדער אונטען איבער דער ערד... אַ ליאַרעמען, אַ שרייען, אַ טומעל פון אויבען און פון אונטען, פון פאָרענט און פון הינטען, אַז עס דאַכט זיך, אַלע הימלען שפּאַלטען זיך, די גאַנצע ערד טרייסעלט זיך...

גוואַלד, ווי ווערען מענשען ניט טויב אין דעם דאָזיגען קאָכעדיגען און שרייענדיגען גיהנום!... וואָס פילדערען זיי אַלע? וואָס לויפען זיי אַלע מיט אַזאַ אימפּעט? וואָס טרייבט זיי? גוואַלד, וואָס יאָגט זיי אַזוי אין דעם פרייען לאַנד, וואו עס זענען ניטאָ קיין קאָזאַקען און כוליגאַנעס?!...

ענטפערט מיר מיין ברודער מאָרים, וואָס איז שוין דאָ עטליכע יאָהר און האַלט זיך פאַר אַ גאַנצען יענקי:

— וואָס הייסט וואו זיי לויפען? אין זייערע געשעפטען, אין זייערע פאַבריקען... „טיים איז מאָני" אין אַמעריקע, צייט איז געלט, ברודער׳ל!...

און יוצא, מיין קשיא איז פערענטפערט!... דאָ, הייסט עס, פערפאָלגט אייך די מענשען אַ ווילדער קאָזאַק פון דעם מלך מלכי המלכים הדאָלער...

און ווי זיי בויגען זיך, בוקען זיך און קרימען זיך פאַר דעם דאָזיגען קאָזאַק, און מיט וואָס פאַר אַ יראַת הכבוד און פרומער התפעלות זיי זינגען דאָ אַלע דעם „הנותן תשועה למלכים" צו דעם אַמעריקאַנישען מלך!... גוואַלד, קאָזאַקען מוזען אייך האָבען מזל... דעם כבוד, וואָס אַנ׳אַמעריקאַנער האָט, און דעם אומכבוד, וואָס אַ קאָזאַק אין מיין קליין שטעד־טעלע האָט!...

אוי, מיין קליין שטעדטעלע!...

אַזוינע הייזער ווי דאָ האָט ניט מיין קליין שטעדטעלע... אַלע האָבען זיי איין פנים: גרויסע, הויכע, אומגעלומפּערטע

געביידעס, איינס ווי דאָס אַנדערע, ווי די טורמעס אין די גרויסע רוסישע שטעדט... און די הייזער זענען, דאַכט זיך, אויך ווי פון איין טויג אויסגעקנאָטען: קאַלטע, אויסגערעכענטע, אָהן דער היימישער גוטסקייט אויף די פּנים'ער, אָהן דער היימישער וואַרעמקייט אויף די הערצער...

און עס פיהלט זיך אַזאַ בענקעניש, אַזאַ טיעפע בענקעניש נאָך די קליינינקע, ליכטיגע, ציכטיגע הייזלעך אין דער היים, נאָך דעם היימישען וואַרעמען מענשען אין יענע הייזלעך...

און מיר דאַכט זיך, אַז איך וואָלט פליגלען געהאַט, וואָלט איך אַהין צוריקגעפלויגען. אַהין אין מיין וואַרעם קליין שטעדטעלע...

לאַכט פון מיר מיין ברודער מאָרים:

— וואוהין וואָלסטו געפלויגען: צו די קאָזאַקען, צו די כוליגאַנעס, וואָס באָדען זיך דאָרטען אין טייכען בלוט?...

— צו די מענשען וואָלט איך צוריקגעפלויגען, מאָרים, צו די מענשען, וואָס שטרייטען דאָרט געגען די קאָזאַקען און כוליגאַנעס; צו די ערוואַכטע יודען פון מיין קליין שטעדטעלע — וואָס האָבען זיך די לעצטע פאָר יאָהר אויסגעלערענט צו לעבען ווי מענשען און צו שטאַרבען ווי העלדען!... אוי, מאָרים, דאָרט ווערט טאַקי פערגאָסען אַ סך מענשליך בלוט, אָבער פון יענעם בלוט שפּראָצט אַרויס אַ ניי לעבען, דער מעכטיגער „עץ החיים“ וועט פון יענעם הייסען מענשליכען בלוט אַרויסוואַקסען... דאָ אָבער... דאָ אָבער האָבען ניט די מענשען אַזאַ היים, זודיג בלוט, דעריבער טאַקי וואַקסען פון איהם אַרויס ניט מעהר, ווי האַרטע דאָלערס, אָהן געפיהל און אָהן נשמה...

— דו רעדסט ווי אַ גרינהאָרן, ווי נאָך גאָר אַ גרינער! — מאַכט מאָרים.



— דאָ איז קאַלט, מאָרים, זעהר קאַלט... די נשמה פריהרט דאָ, דאָס האַרץ — רייסט זיך ביי מיר אַרויס מיט וועהטאָג — די לעצטע פאָר יאָהר בין איך געוואוינט צו אַנדערע יודען, צו אַנדערע מענשען... דער מאָגען האָט דאָ דעם מענשען פערשלונגען, איינגאַנצען דעם מענשען פערשלונגען...

מאַכט ער צו מיר ווידער, מיין ברודער מאָרים וואָס האַלט זיך פאַר אַ גאַנצען יענקי, אַז איך בין „אַ גרינהאָרן“, אַז איך וועל זיך אויסגרינען, ווי ער — גיט ער מיר אָנצוהערעניש — וועל איך דעמאָלט גאַנץ אַנדערש קוקען אויף די מענשען און דאָס לעבען אין אַמעריקע...

עס קען גרייליך זיין, אַז ער איז טאַקי גערעכט: ווען איך וועל זיך אויסגרינען, וועל איך... אָבער דערווייל?... אוי, דערווייל!... פיהל איך זיך ווי פערבלאָנדזעט אין אַ פרעמד וועלט, צווישען פרעמדע מענשען, וואו אַלעס איז אַזוי קאַלט, אויסגערעכענט, געמאָסטען און געוואויגען אויפ'ן סענט און דאָלער, און עס בענקט זיך, און עס בענקט זיך און עס ציהט, ציהט מיך אַזוי נאָך מיין קליין שטעדטעלע!...

אוי, מיין קליין, מיין ליעב שטעדטעלע!...

האָט מיך מאָרים אַ פּאָר מאָהל גענומען צו די היגע אַרבייטער פערזאַמלונגען, איך זאָל זעהן אַז דאָ בעוועגט זיך נאָך אויך עפּעס, אויסער דעם מאָגען...

די זעלביגע געשיכטע! מיר איז ניט וואַרימער געוואָרען אויפ'ן האַרצען... אמת, אַ רעדנער האָט טאַקי גערעדט צו די אַרבייטער וועגען זייער קלאָגעדיגע לאַגע, האָט זיי דערצעהלט אַז זיי, נעבעך, זענען די גע'גזל'טע, די בעראַבעוועטע, עס האָט זיך אָבער געפיהלט, אַז שטאַרק עסט ער זיך ניט אָב דאָס האַרץ פון דעם, דער רעדנער!... אַז ער רעדט עס מעהר אויס געוואוינהייט, ווי אויס דעם האַרצען...

אָט ווי אַ יוד, ניט קיין פרומאַק, זאָגט אַשרי... און די אַרבייטער אין לאָקאַל, וואָס הערען און אַפּלאָדירען איהם מיט די הענד און רייסען זיך אויף די העלזער, טהוען עס אויך, דאַכט זיך, מעהר אויס געוואוינהייט, ווי אַ יוד, למשל, שפּרינגט קדוש אויף דעם חזן'ס קדושה... און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ווען הינטער זיי וואָלטען געשטאַנען קאָזאַקען, ריכטיגע קאָזאַקען, רוסישע, וואָלטען זיי גאָר אינגאַנצען אין לאָקאַל ניט געווען...

און אפשר האָב איך אַ טעות? קען זיין. אָבער דאָס ווייס איך, אַז ביי אונז אין קליין שטעדטעלע רעדט מען אַנדערש און מען הערט אַנדערש.

אפשר אַפּלאָדירט מען דאָרט ניט אַזוי שטאַרק מיט די הענד, עס אַפּלאָדירען אָבער דאָרט שטאַרק הערצער; אפשר רייסט מען זיך דאָרט ניט אַזוי אויף די העלזער, עס רייסען זיך אָבער דאָרט נשמות!...

גיוואַלד, ווי עס בענקט זיך מיר נאָך יענע וואַרימע נשמות, ווי עס בענקט זיך מיר נאָך יענע זודיגע, צאַפּעלדיגע הערצער אין מיין קליין שטעדטעלע!... ווי מיר ווילט זיך אַנטלויפען פון דאַנען, פון דעם שרעקליך גרויסען מאָגען, וואָס האָט דאָ אויפגעפרעסען און פערשלונגען דעם מענשען מיט זיין האַרץ און נשמה, וואָס האָט פערשלונגען דעם ג אַ נ צ ע ן מענשען, דעם מענשען אינגאַנצען, אינגאַנצען!...



# פאַר וואָס סיימאָן וויל ניט חתונה האָבען.

וועגען דעם חידוש'ן זיך אַלע מיינע און סיימאָנס לאַנדסלייט. סטייטש, אַזאַ יונגער־מאַן, אַ מאַשיניסט אין אַ גרויסער פאַבריק פון פרויען־מאַנטלען, אַ גוטער פערדינער, אַ הויכער, אַ שלאַנקער און אַ שטאַרקער יונגער־מאַן, האָט געקענט דעם בעסטען שידוך טהאָן מיט דער שעהנסטער מיידעל, זיצט ער זיך אַ בחור שוין איבער פערציג יאָהר אַלט און גאָרנישט, וויל ניט הערען און ניט זעהן פון אַ שידוך טהאָן!... און דער חידוש איז נאָך גרעסער, וואָס דער זעלביגער סיימאָן האָט משוגע ליעב קינדער, געהט פשוט אויס נאָך זיי... סטייטש, ער האָט דאָך געקענט שוין ביז איצט האָבען לכל־הפחות אַ האַלבען דוצענד קינדער זיינע אייגענע?... — סיימאָן, ווי? ווערסט טאַקי שטאַרבען אַ בחור? — פרעגען איהם די לאַנדסלייט.

— הפנים, איך וועל שטאַרבען אַ בחור — ענטפערט ער קורץ און שמייכעלט דערביי מיט אַ זאָנדערבאַרען שמייכעל.

— אָבער, פאַרוואָס סיימאָן? — טענה'ן מיט איהם ווייטער די לאַנדסלייט — דו האָסט דאָך אַזוי ליעב קינדערלעך...

— ווען קינדערלעך וואָלטען אויף בוימער געוואַקסען — ענטפערט ער זיי האַלב אויף ערנסט און האַלב אויף שפּאַס — וואָלט איך אַ גאַנצען בוים מיט קינדער פאַר זיך געקויפט... איך האָב ליעב די קליינינקע נפשה'לעך, אמת!... אָבער לייַדער, ליידער...

— וואָס לײדער ?...

— עך, וואָס מאַכט עס אוים ? האַקט ער איבער זײערע װײטערע שאלות — פרעגט בײ מיר ניט אַזעלכע קשיות, מאַכט חתונה אײערע אַנדערע לאַנדסלײט. פון מיר װעט איהר אָט דעם נחת קײנמאָל ניט האָבען !...

און די לאַנדסלײט בלײבען בײם חידוש׳ן זיך : אַ דזשיקאַן, אַ װילדער, פאַר װאָס װיל ער ניט חתונה האָבען ?...

און אײנמאָל אין אַ שעהנעם אויף־דער־נאַכט, זיטצענדיג בײ מיר אין דער הײם בײ אַ גלאָז טהײ, האָט סײמאָן מיר ערקלעהרט, פאַר װאָס ער װיל ניט חתונה האָבען...

— איהר הערט ? — האָט ער אָנגעהויבען — דאָס איז אַ שרעקליכע געשיכטע... איך האָב זי איבערגעלעבט מיט אַכט יאָהר צוריק... און יעדעס מאָל אַז מען דערמאָנט מיך װעגען חתונה האָבען, דערמאָן איך זיך אויף איהר און איך לײד אַזוי... איך קען זי ניט פערגעסען, ביז׳ן טױדט װעל איך געדענקען אָט יענע שרעקליכע געשיכטע...

מיט אַכט יאָהר צוריק איז עס געװען... איך בין דאַן געװען זעהר לײכטזיניג, האָב געטראַכט נור װעגען לעבען אַ גוטען טאָג... האָב בעזוכט די טאַנץ־אַקאַדעמיע, געקלײדעט זיך מעשה פראַנט, מיט לאַקירטע האַנדשוה, מיט בלומעלעך אין לאַץ, האָב זיך אינטערעסירט מיט „פײטס״, מיט ספּאָרט און דער טײפעל װײס מיט װאָס נאָך... איך האָב פערדיענט פון אַכטצעהן ביז צװאַנציג דאָלער אַ װאָך און זײ פלעגען בײ מיר אַװעקגעהן ביז דער לעצטער פּעני...

קלײב איך זיך אַריבער דאַן אויף אַ קװאַרטיר צו אַ נײער מיסעס אויף נאָרפאָלק סטריט.

איז דער מאַן איהרער אַ שװינדזיכטיגער, האָט פינף יאָהר



געאַרבײט אין אַ פאַבריק, װאו מען מאַכט פאַרב, און האָט דאָרט די שװינדזוכט געקראָגען...

עס איז געװען אַ צער צו קוקען. נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, אַרום דרײסיג יאָהר אַלט, זיטצט זיך אײנגעהויקערט אויף אַ שטול, קוקט אַרױס אונמוטהיג דורכ׳ן פענסטער. די אויגען גרויסע, ברענענדיגע און אַזוינע רחמנות׳דיגע... דער פּנים טױדט, מיט אײנגעפאַלענע באַקען, מיט אַ שפּיציג שװאַרץ, שיטער בערדיל ; די האַלז דין, לאַנג, אײנגעדאַרט, מיט אַ גרויסען קנאָפּ בײם סאַמע גאָרגעל אונטער דער מאָרדע. טהוט ער אַנ׳אָטהעם, צו אַ שלונג, הויבט זיך דער קנאָפּ בײם גאָרגעל אַרויף און אַראָב, די אויגען קריכען בײ איהם דאַן אַרױס גרויסע, גרויסע ; ער שצירעט אוים די צעהנער, װײסע װי מילך, און מאַכט מיט די ליפּען, אַזוי װי איהם װאָלט אין מויל ניט גוט געװען...

זײן יודענע, מײן מיסעס, איז אַ געזונדע שטוקע, אַ דיקע, בלוט און מילך, מיט שװאַרצע, טיעפע, פײערדיגע אויגען, מיט אַ רונד, דיק, װײס פּנים, מיט אַ פעררײסען נעזעל, מיט דיקע ליפּען, מיט װעלכע זי שמײכעלט שטעכעדיג :

זי געהט אַרום איבערן שטוב, װי אַ דונער, קאָמאַנדעװעט מיט איהם, מיט דעם קראַנקען מאַן : דאָ זיטצט ער ניט אויף זײן אָרט, דאָ מאַכט ער קראַנק מיט זײן הוסטען און רופט איהם : „שלים־מזל מײנער, חושך מײנער !״.

זײ האָבען געלעבט אויף די אָבגעשפּאָרטע געלט פון זײן אַרבײט און מיך אַרײנגענומען פאַר פיער דאָלאַר אַ װאָך. קײן קינדער האָבען זײ ניט געהאַט.

שוין אויף דער דריטער װאָך װערט זי מיט מיר אַ נאָהענטע, זעהר אַ נאָהענטע מחותנת׳טע, רעדט פאַר מיר אוים דאָס האַרץ... דאָס לעבען איז איהר ניט ניחא... ערגער

ווי אַן׳אַלמנה... זי וויל לעבּען... זי איז נאָך גאָר אַ יונגע פרוי, ניט קיין פולע פינף און צוואַנציג יאָהר א. ז. וו. ווערט צו מיר אַזוי גוט, פרעגט מיך יעדען טאָג, וואָס איך וויל עסען, טרינקען; זעהט מיין בּעט זאָל בּלאַנקען, חכמה׳ט זיך שעהמט זיך ניט אַריינצוקומען צו מיר מיט נאַקעטע אָרעמס, ווען איך שלאָף, און קוקט אויף מיר מיט אַזוינע אויגען, מיט אַזוינע... ווי זאָל איך עס אַייך אָבּמאָהלען? — האָט איהר אַמאָל געזעהן די אויגען בּיי אַיין אויסגעהונגערטער קאַץ, ווען זי דערזעהט פאַר זיך אַ געשמאַקען בּיסען?...

בּקיצור, פאַר אַזאַ חברה־מאַן, ווי איך בּין דאַמאָלס געווען איז די דאָזיגע מיסעס מיינע געווען אַיין אמת׳ע מציאָה... איך בּין געווען פערדאָרבּען, שרעקליך פערדאָרבּען, וועגען דעם אונגליקליכען מאַן איהרען האָבּ איך אפילו ניט אַ קלעהר געטהאָן!...

ער האָט הפנים אויף אונז אַ חשד געקראָגען, היט ער אונז אויף שריט און טריט. קוקט אויף אונז ווי אַיין אויסגעהונגערטער הונד ממש, הוסט און רעדט קיין וואָרט ניט אויס... נור דאַן, ווען זי געהט אַרום מיט אַ נעבּלויזטער בּרוסט און נאַקעטע אָרעמס אין מיין אַנוועזענהייט, בּעט ער זיך בּיי איהר, זי זאָל אַזוי ניט אַרומגעהן... עס איז אַ חרפּה, ער קען ניט זעהן...

און דערבּיי צוהוסט ער זיך מיט אַ טרוקענעם הוסט; הוסט און הוסט, כאַפּט זיך אָן מיט בּיידע אויסגעדאַרטע הענד פאַר זיין קראַנקער בּרוסט, קרימט דעם פּנים פון וועהטאָג און קוקט אויף איהר מיט אַזוינע אויגען...

אוי, איך קען ניט פערגעסען יענע שרעקליכע אויגען!...

אַ סך מאָל, אַז זי געהט אַריין אַזוי מיט נאַקעטע אָרעמס, לויפט ער צו צו איהר פערסאָפּעט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען,



כאַפּט אַ בּגד, צו אַ טישטוך, וואָס עס מאַכט זיך אונטער די הענד, און וואַרפט אַרויף מיט ציטערענדע הענד אויף איהרע פּלייצעס, אויף איהרע אָרעמס, און בּעט זיך בּיי איהר מיט אַ קול, וואָס קלינגט ווי אַ זעג: בּעסינקע, נעהם מיר ניט די יאָהרען... פאַר וואָס מוטשעסטו מיך אַזוי... אַ פרעמדער מענש אין הויז!״.

און בּעת דעם קוקט ער אויף איהר מיט זיינע אויגען — אוי, איך קען עס אַייך גאָר ניט אויסבּריינגען, ווי אַזוי!...

שלים־מזל מיינער! — נעהמט זי אויף איהם שרייען, חושך מיינער, דו האָסט מורא מען זאָל מיר קיין עין הרע געבּען? אָט, אָט, דוקא, דוקא, דיר אויף צו להכעים! פּלאַץ, פּגר, דו בּיסט מיין אונגליק!... וועמען איך האָבּ אַוועקגעגעבּען מיינע בּעסטע יאָהרען!...

דערבּיי שטופּט זי איהם אָבּ פון זיך, וואַרפט פון זיך אַרונטער, מיט וואָס ער האָט איהר צוגעדעקט, טרעט מיט די פיס און יאָמערט אויפ׳ן קול:

— שטאַ־אַרבּ! שטאַ־אַרבּ! איך וויל לעבּען! איך וויל זיך אַ לעבּעדיגע ניט בּעגראָבּען אין קבר!...

און אַז זי שרייט אַזוי מיט יאָמער אויף איהם, כאַפּט ער זיך אָן מיט בּיידע הענד פאַר זיין קראַנקער בּרוסט, ציהט אויס זיין שטרויענעם האַלז מיט׳ן קנאָפּ בּיים גאָרגעל, טרייסעלט זיך מיט זיין גאַנצען שפּיציגען קערפּער און דינע קניע און שעפּטשעט אַרויס מיט אַ קרעכץ „חיה. ווילדע חיה!״ און ניט מעהר, קיין איין וואָרט ניט מעהר! צוהוסט זיך, דרעהט זיך צונויף אין דרייען, ווי אַ בּויגעל, געהט צו צום שטול, זעטצט זיך, נעהמט אַריין דעם קאָפּ אין בּיידע הענד און קוקט לאַנג, לאַנג אויף די פּאָדלאָגע אין איין פּינטעלע און שעפּטשעט:

— אוי, ווערה איז מיר, וואָס לעב איך נאָך!

אַ סך מאָל נאָך אַזוינע סצענעס קריג איך אויף איהם עפּעס אַזוי ווי רחמנות: דאַן זאָג איך איהר בּיי מיר אין צי־מער, אַז זי דאַרף איהם אַזויפיעל ניט מוטשען, אַז זי קען דאָך אַרומגעהן אין אַ קאָפּטעטשקע. לאָזט זי מיר ניט ריידען ווייטער, כאַפּט זיך אַרום אַרום מיר מיט איהרע נאַקעטע אָרעמס, דריקט זיך צו צו מיר, ווי אַנ'אמת'ער טייפעל און שעפּטשעט:

— איך וויל, ער זאָל שטאַרבּען גיכער, גיכער, דו הערסט? ער איז מיין אונגליק! איך בּין געזונד, יונג, איך וויל ליעבּען, היים ליעבּען... איך וויל לעבּען און ער פער־סמ'ט מיר דאָס לעבּען... איך בּין ניט שולדיג, וואָס מיר ווילט זיך לעבּען און ליעבּען... אָבּער גענוג, גענוג! דו בּיזט דאָך מיט מיר גליקליך, ניט אמת? דו ליעבּסט דאָך מיך אויך, אַ יאָ?...

און איהרע אויגען בּרענען דערבּיי, ווי בּיי אַ קאַץ ווען זי שפּיעלט זיך מיט אַ מויז, און איהר אָטהעם בּריהט און בּראָט מיר דעם פּנים. אַ כּישוף ליעגט אין איהר אָטהעם, אין איהרע בּרענענדיגע אויגען און אין איהר אינגאַנצען. און זי טהוט מיט מיר וואָס זי וויל!...

מיין צימער איז געווען נעבּען איהר שלאָפצימער. ער פלעגט שלאָפען אין פראָנט־רום...

און איינמאָל אין מיטען נאַכט הער איך עפּעס פון איהר שלאָפצימער אַ גערויש, אַ פערשטיקט קוויטשען, אַ סקריפּען פון בּעט, אַ כריפּען און אַ פערשטיקטען הוסט, איך הויבּ זיך אויף פון בּעט און הער זיך צו.

אַ שטילעס געוויין הער איך, פון אַ קינד... דאָס געוויין ווערט איבּערגעריסען פון אַ הוסטען.



— אַוועק! — הער איך איהר קול — איך וועל דיר דערווערגען... אוי... — דערהער איך ווידער איהר בּייזע שטים און אַ שטאַרקען קלאַפּ פון עפּעס, און אַ פערשטיקטען געשריי: „מערדערין, טוידט מיך!“

— איך לויף אַהין אַריין; איך זעה, דער קראַנקער מאַן איהרער אין ווייסע אונטערקליידער ליעגט מיט'ן פּנים אַיינגע־גראָבּען אין בּעט און ציטערט אויף מיט זיינע שפּיציגע פּלייצעס. זי מיט צולאָזענע האָר, מיט אַ רויט פלאַמענדיג פּנים, מיט אויס־געגלאָצטע, בּרענענדיגע אויגען, שטופּט איהם מיט בּיידע הענד פון בּעט, שצירעט מיט די צייהנער און שעפּטשעט מיט גיפט:

— אַוועק! זאַראַזע, איך וועל דיר דערשטיקען!

און דערזעהענדיג מיך, הויבּט זי אָן צו שרייען מיט אַ יאָמער:

נעהם איהם צו פון דאַנען! איך וועל איהם ממית'ן וואָס איהם האָט זיך... פוי, זאַראַזע!...

און דערבּיי טהוט זי איהם אַזאַ שטופּ אַרונטער פון בּעט, אַז ער פאַלט אויפ'ן פּאָדלאָגע און בּלייבּט ליעגען אויף אַ זייט מיט ווייט אויסגעגלאָצטע אויגען און מיט אויסגעשצירעטע ווייסע צייהנער אויף איהר.

— אַ־אַ־ך! — רייסט זיך בּיי איהם אַרויס אַ טרוקענער כריפּ פון בּרוסט, צוהוסט זיך, הויבּט זיך אויף פון פּאָדלאָגע, כאַפּט זיך אָן פאַר דער בּרוסט מיט בּיידע הענד, דרעהט זיך צונויף, ווי אַ בּייגעל, און זעהט אויס אין זיינע ווייסע אונטער־קליידער מיט זיין דאַרען, שפּיציגען גוף, ווי אַ מת פון יענער וועלט.

פּלוצים קוקט ער מיך אָן מיט גרויסע אויגען און האַל־טענדיג איין האַנד בּיי דער בּרוסט, ווייזט ער אָן מיט דער צווייטער אויף מיר און סקריפּעט אַרויס, ווי אַ זעג:

— ער, ער, ער! גוט! גוט! ער איז געזונד, איך בין קראַנק! פאַר גאָט האָט מען ניט מורא, פאַר לייטען שעהמט מען זיך ניט!... גוט, גוט, איך וועל דיר מעהר ניט שטערען... אָבער פאַר מיין בלוט וועט זיך גאָט אָברעכענען מיט אייך ביידען... מכ־כ־כ־שפה! מכ־כ־שפה! — קרעכצט ער אַרויס מיט אַ שיפּען — ממזר!... ממזר!... עס איז דאָ אַ גאָט אין הימעל, עס איז דאָ, היט זיך!...

און מיט די דאָזיגע ווערטער לויפט ער אַרויס פון שלאָפצימער.

איך וויל לויפען נאָך איהם... מיר פאַלט איין, אַז ער וויל מיט זיך עפּעס טהאָן... זי אָבער וואַרפט זיך מיר אַרויף אויפ'ן האַלז, קושט מיר און דריקט זיך צו מיר, און וויינט: „גוואַלד, ווען וועל איך זיך בעפרייען פון איהם!...“

און גראָד דאַן, ווען זי דריקט זיך צו מיר און קושט מיך, קומט ער ווידער אַריין. בלייבט שטעהן ווי אַנ'איינגעגראָבענער ביים טהיר, מיט די אויגען ווייט אָפען, קאָרטשעט זיך צונויף נאָך מעהר מיט שרעק אויפ'ן פּנים, אַקוראַט, ווי ער וואָלט דערזעהן פאַר זיינע אויגען דעם מלאַך־המות מיט דעם חלף...

איך טהו זיך אַ ריס פון איהרע אָרעמס, זי שפּרינגט אויף אַ ווילדע, אַ צוקאָכטע, מיט נאַקעטע פיס און אַרעמס און טהוט זיך אַ וואָרף אויף איהם מיט אַ בייזען, הייזעריגען געשריי:

אַוועק! פּגר! איך וועל דיך טוידטען!...

און דאָ, גאָר אונערוואַרטעט, טהוט ער זיך אַ וואָרף צום פענסטער פון שלאָפצימער, טהוט עס אַנ'עפען מיט אַ גערויש און איידער איך קום צו זיך, פליהט פערביי מיינע אויגען זיין ווייסע, שפּיציגע געשטאַלט און פערשווינדעט דורכ'ן



פענסטער אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט... פון פינפטען עטאַזש האָט ער זיך אַרונטערגעוואָרפען!...

סיימאָן איז אַנשוויגען געוואָרען און האָט פערשטעלט דעם פּנים מיט ביידע הענד. ביי מיין שכן, וואָס וואוינט מיט מיר אויף דעם זעלבען שטאָק, האָט די קאַץ אַ מיאַקע געטהאָן. סיימאָן האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן, האָט אַראָבגעחאַפּט די הענד פון פּנים און האָט זיך אַרומגעקוקט מיט גרויסע צושראָקענע אויגען...

— דאָס מיאַקעט די קאַץ ביי מיין שכן אין צימער — האָב איך געזאָגט.

— איך בין אַזוי נערוועז — ער האָט אַרויסגעשטאַמעלט — אַזוי נערוועז, זייט יענער צייט... אָפט דאַכט זיך מיר, אַז איך הער זיין קול... אַז איך זעה זיין שפּיציגען גוף אין די ווייסע אונטערקליידער... זיין צושמעטערטען קאָפּ אין אַ טייך בלוט אויף די שטיינער פון גאַס... און אַז דער ווינד וואָיעט, דאַן קען איך גאָר קיין אָרט ניט געפינען... מיר דוכט זיך דאַן, אַז ניט דער ווינד יאָמערט, נור ער, ער... איך ווייס ניט — אפשר איז דאָס אַנ'אַבערגלויבען? אָבער מיר דוכט זיך, זייט יענער צייט, אַז ווען איך זאָל אַמאָל חתונה האָבען, וועל איך האָבען זיין סוף...

ער איז אַנשוויגען געוואָרען און פאַר מיינע אויגען האָט זיך אויך געטראָגען יענער אונגליקליכער מיט דעם שפּיציגען גוף אין די ווייסע אונטערקליידער, און מיר האָט זיך געדאַכט, איך זעה איהם שטעהן אַ צונויפגעדרייטען, ווי אַ בייגעל, קוקענדיג אויף סיימאָנען מיט גרויסע, אויסגעגלאָצטע אויגען און מיט אויסגעשצירעטע ווייסע צייהנער...



# וואוּהין, וואוּהין?

(אַ פּאָעמאַ אין פּראָזאַ)

ער האָט ניט געהאַט קיין היים, קיין פריינד, קיין בעקאַנטע... ער האָט ניט געהאַט קיין אַרבייט, קיין ברויט, קיין געלעֶגער — איז ער אַוועק זוכען — וואוּהין? וואוּהין?...

און ער האָט געוואַנדערט און געוואַנדערט, אַ מידער, אַ הונגעריגער — דער הימעל האָט איהם געברענט, די ערד האָט איהם געשטיקט — ער האָט געוואַנדערט... וואוּהין? וואוּהין?...

* * *

ער איז צוגעקומען צו אַ גרויסע שטאָדט, איז געבליבען שטעהן אויף אַ בערגעל, אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענד אויף אַ שטעקען, און האָט געקוקט, געקוקט מיט זיינע מידע אויגען ווייט־ווייט אין איין ריכטונג, האָט געקוקט — וואוּהין? וואוּהין?...

דאָס ביינאַכטיג קיהל ווינטעלע האָט זיך געשפּיעלט מיט זיינע לאַנגע, צופלאָנטערטע האָאָר. אַ פאַרשטיקט געטימעל, אַ זשוזשענדער הו־האַ האָט זיך פון דער גרויסער שטאָדט געגען איהם געטראָגעֶן — ער האָט עס אָבער ניט געהערט... ער האָט געקוקט אין די ווייטע ווייטקייט, וואו עס האָבען זיך געזעהן הייזער, הייזער, הייזער, וואו עס איז געלעגען אַ נייע איהם אונבעקאַנטע שטאָדט, און אַלע זיינע געדאַנקען האָבען זיך געדרעהט אַרום איין פראַגע: וואוּהין? וואוּהין?...

* * *

ער האָט אויך ניט געזעהן דעם פער׳כשופטען ציטערען פון די פינקעלדיגע שטערענדלאַך אין דעם טיעפען, בלויען הימעל און ניט די פולע לבנה, וואָס האָט זיך דאָרט אין אַ זילבער־ים געבאָדען... ער האָט נור צו זיך גערעדט, ער האָט נור צו זיך געזאָגט: — וואוּהין? וואוּהין?...



— וואוּהין? וואוּהין? — האָט זיך אַרויסגעריסען פון זיין נשמה.

— וואוּהין? וואוּהין? — האָבען אָבגעזיפצט דער וואַלד, די בערג, די שטיינער און אַלעס ארום איהם.

— וואוּהין? וואוּהין? — האָט געהויכט דאָס ביינאַכטיג ווינטעלע...

— יאָ, וואוּהין?!...

* * *

און ער איז אַוועק צו דער שטאָדט. ער איז געווען מיעד, קוים זיך אויף די פיס געשלעפּט, — ער איז אָבער אַוועק... די שטאָדט, די פייערלאַך, די הייזער, די מענשען האָבען איהם צו זיך געצויגען...

* * *

און ער איז אין שטאָדט אַריין, אין שטאָדט מיט איהרע הויכע שטומע הייזער און מיט איהרע מענשען מיט הערצער שטיינערנע...

ער האָט זיך געשראָקען פאַר דעם גערויש פון זיינע אייגענע טריט... וואָס דאַרף ער דאָ? וועמען זוכט ער דאָ? וואוּהין? וואוּהין?

* * *

און, ווי דער מורא׳דיגער גייסט פון קריזיס, האָט ער אַוועקגעבלאָנדזשעט איבער איין לאַנגער, לאַנגער גאַס, אַ הויכער, אַ שפּיציגער, מיט אַ בלייך, אויסגעמוטשעט פּנים, מיט ברענענדיגע אויגען, ווי ביי אַ הונגעריגען וואָלף, און מיט לאַנגע, ווילד־צופלאָנטערטע האָר און באָרד...

און די מענשען, וואָס האָבען איהם בעגעגענט, זיינען געלאָפען פון איהם... דעם שאָטען פון הונגער, עלענד און נויט האָבען זיי פאַר זיך דערזעהן און יעדער פון זיי האָט געטראַכט: „וואוּהין? וואוּהין?“

* * *

און ער איז געגאַנגען און געגאַנגען... די לעצטע כּחות האָבּען איהם פערלאָזען. דאַן איז ער שטעהן געבּליבּען נעבּען אַ הויכע, לאַנגע וואַנד. דער שווייס האָט זיך פון זיין שטערען געגאָסען, און די שלייפען האָט געקלאַפּט. האָט ער צוזאַמענגעדריקט די שלייפען און גענומען אין זיך אַריינציהען פרישע לופט. אָבּער די לופט איז געווען אַ געפּרעסטע, האָט פון היץ געשטיקט... מיט אַ פיעבּער פון אַ משוגע'נעם האָט ער זיך דאַן אָן דער וואַנד אָנגעכאַפּט און גענומען אויף איהר קלעטערען און בּאַלד איז ער געווען אויף יענער זייט וואַנד, דאָרט איז געווען אַ בּית עולם...

* * *

און בּיי די טוידטע קיין שפּור פון דעם קריזיס...

פון די בּלומען, וואָס זיינען אויף זייערע קברים געוואַקסען, האָט זיך אַ מחיה'דיגער ריח געטראָגען... אַ שטילער הויך, ווי דאָס אָטהעמען פון אַ קינד, וואָס ליעגט אין פיעבּער, האָט זייערע קעפּלאַך געשאָקעלט... עס איז געווען שטיל, אַזוי ווי דאָס לעבּען וואָלט דאָ מורא געהאַט דעם טוידט אויפצוּוועקען... דער הימעל איז געווען אויסגעשאָטען מיט שטערענדלאַך און, עס האָט זיך געקענט דאַכטען, אַז דאָרט, אויבּען, ווינקען זיך איבּער מלאָכים'לאַך מיט גאָלדענע אויגעלאַך... די מצבות זיינען געשטאַנען שטום, פערטראַכט, און איהם, דעם עלענדען, האָט זיך געדאַכט, אַז ער ליעגט אויף זיי: „וואוהין? וואוהין?"

* * *

„וואויל איז צו אייך איהר מענשען, וואָס ליעגען דאָרט אין דעם שויס פון דער מוטער-ערד! איהר שלאָפט דאָרט רוהיג. אייך וועקט ניט די נויט, אייך מאַטערט ניט דאָס הונגער. אייך בּרענט ניט דער דורשט!..."



און אַ שוואַכער, מיט ציטערענדיגע קנעכלאַך, האָט דער עלענדער זיך אויף אַ בּאַנק געוואָרפען און גענומען דרעמל'ען...

די זילבּערנע לבנה האָט אויף איהם פון הימעל אַראָבּגעקוקט, די שטערענדלאַך האָבּען זיך גע'סוד'עט, און איהם האָט זיך אין שלאָף געדאַכט, אַז ער הערט קולות פון גייסטער, וואָס שרייען: „וואוהין? וואוהין?..."

— וואוהין? וואוהין? — האָט זיך פון זיינע בּלאַסע ליפּען אַרויסגעריסען אַ קרעכץ...

* * *

די זון איז אויפגעגאַנגען און זי האָט דערזעהן אויף אַ בּאַנק אַ מענשען מיט אַ בּלייך, קאַלט פּנים, מיט שטאַרע גלעזערנע אויגען, וואָס האָבּען געקוקט אָהן בּעוועגונג ווייט אין איין פונקט ווייט ערגעץ, ווייט און וואָס האָבּען, דאַכט זיך, געפרעגט: וואוהין? וואוהין?

* * *

דער קברות-מאַן שליסט אָבּ מיט אַ קרעכץ די טויערען פון'ם בּית-עולם...

אַלטינקער, וואָס אַיילסטו אַזוי? קיינער פעהלט דאָרט בּיי דיר ניט, דו האָסט דאָרט נאָך מיט איינעם מעהר! ער איז געווען אַן עלענדער, האָט זיך געזוכט אַ היים. אַצונד, האָט ער עס געפונען... וועק איהם ניט אויף, אַלטינקער, בּעדט דו איהם דאָרט אויס בּיי זיך ווייך, זעה, אַלטינקער!...

* * *

ניין, ניט דאָרט, ניט דאָרט, דאָרט רוהען אַלץ רייכע מיוחסים!...

אויפ'ן בּית-עולם איז געקומען אַן איינפאַך וועגעל מיט אַ טוידטען-קאַסטען, אַהין דאָט מען אַריינגעוואָרפען דעם עלענדען און אַוועקגעפיהרט...

וואוהין?! וואוהין?!...

---